# באַמערקונג

דער ציקל „1919‟ איז פּיבערהאַפּט אַנגעשריבן אין אַ צייט פון דריי וואָכן אין דאָרף „זאַבוזשאַ‟, (דריי ווייאָרסט פון מיין אינגאַנצן פאַרטיליקטן שטעטל „פּעטשאַרע‟ אין פּאָדאָליען), אויס־באַהאַלטנדיק זיך ביי די ברידער סעקטאַנטן־יעוואַנגעליסטן סאַוואַ און מיקיטאַ סאַווראַנין.

דאָ מוז דערמאָנט ווערן צום באַוואונדערן די אויסער־געוויינלאַכע מסירת נפש פון די פּויערים־סעקטאַנטן, וועלכע האָבן געוואוסט אין פאָראויס, אַז אין פאַל פון אַנטדעקן בא זיי אַ אידן וואָלטן זיי מיט זייערע הויזגעזינטן באַצאָלט מיט די לעבנס אויף דעם גרויזאַמסטן אופן, און דאָך האָבן זיי פיל אידישע נפשות געראַטעט פון אונטער דער שווערד און פון אַ הונגער־טויט. — מיט ווייניקער אָפּפערוויליגקייט האָבן דאָס באַוויזן אַנדערע איינצלנע קריסטן אַרום יעדן שחיטה־אָרט.

זאָל די געשיכטע זאַמלען די צעשאָטענע פונקען פון אונטער־דריקטער מענטשנליבע אין אַ גרויסן פייער־פאַקל, וואָס זאָל צו־ווייען, פאַרטרייבן די פינסטערע בלוטיקע שאָטנס פון דער פינ־סטערער מיט האַס און בלוט זידנדער אוקראַינע, און פון גאָר דער וועלט, וואו עס שמאַכטן די שוואַכע און אונטערדריקטע.

מ. ק.

— — — — — — — — — — — — — — —

. . . און ווערן זאָלסטו אויך אַ פּוסט-פּעלד, בית-עולם:
פון קלויסטער קיין קלינג מער, פון דאָרף — קיין געזאַנג,
די שווערד און דער אַקער — פאַרראָסטעט, פאַרוואָרפן,
די פעלדער פאַרלאָזן, — קיין בלימל, קיין זאַנג . . .

די קללה זאָל הערשן, ביז קיינער נישט וועט פון
בלוט-דורשטיקן דור אויף דיין פלאַך ניט פאַרבלייבן . . .
און כל זמן דער שלאַנג-דור פאַרמיסטיקט דיין ערד — זיי
פאַרשאָלטן, פאַרדאָרבן און פרוכטלאָז אָן לעבן! . . .

# 8 משה בּארטאָן

## וואו ביזטו, קינד ? . . .

וואו ביזטו, קינד, מיין איין־און־איינציגס ?
וואו ביזטו, בלימעלע, מיין זעל ? —
צי וויינסטו ערגעץ אין אַ קעלער,
צי קרעכצסט אין וואַלד וואו אין אַ הייל ? . . .

צי פרעגסטו שטיל : „וואו פּאַפּאַ ? פּאַ־פּאַ ?" —
קינד, ווייסט נאָך נישט דיין פּאַפּאַ׳ס בראָך:
ס׳איז איצט אַ צייט, וואָס יעדער נפש
אָן אַטעם זוכט פאַר זיך אַ לאָך . . .

ס׳איז איצט אַ צייט — אַ מאַמע קניט,
און קושט פאַרריקט ביים שד די פיס
און בעט דאָס לעבן . . . ווען דאָס קינד איר׳ס
דערשטאָכן דרייט ער אויפן שפּיז . . .

— — — — — — — — — — — — — — —

מיין אָרים קינד ! זאָלסט קיינמאָל וויסן
דיין פּאַפּאַ׳ס שאַנד און לייד און פלוך,
ווען ער האָט דיך געמוזט פאַרלאָזן
און זוכן ווילד פאַר זיך אַ לאָך ! . . .

## צום „כביכול“

כ׳וויים דיין צוזאָג, גאָט, דאָך טרוים איך
פון אַ נייעם מבול-שטראָם.
אָ, ווען ס׳קומט אַ וועלט-פאַרפלייצונג
און מעקט אוים פון דר׳ערד דעם סדום ! . . .

און שווענקט אָפּ מיט וואַסער-שטראָמען
גאָר דאָס בלוט און זנות און זינד,
און די לופט פון מענשען-שדים
טראָגט-צעבלאָזט אַ גיהנום-ווינט ! . . .

און דערפרישט פון מבול-שטורעם
זאָל די ערד זיך ווידער קליידן
אין די וואונדער-פאַרב און שפּראָצונג,
ווי אין אורשפּרונג — דער גן-עדן . . .

זאָל דאָס לעבן פריי זיך פּרוכפּערן
פול מיט פרייד און גליק און ליב,
בלויז אַ מענש זאָל מער נישט זיין דאָרט . . .
גאָט, דעם מענטשן מער נישט גלויב ! —

לאָז נישט מער אים אין דער „תיבה“, —
אויב דו לאָזט נישט שאַנד און פּיין,
אויב דו ווילסט קיין מבול ברענגען
זאָל דער מענטש אויף דר׳ערד נישט זיין ! . . .

סיי-ווי-סיי, נאָך טויזנט דורות,
וועט אַ מענטש מיט גיפטנשוים,
ווי איצט איך, פול צער בעטן :
„גאָט ! אַ מבול ברייננ אויף סדום ! . . .“

## מיין גורל . . .

מיט פרייד גרייט זיך יעדער צום לעבן , —
פון פעלד פירט שוין תבואות דער פויער ;
נור איך, אַ פאַרטריבענער יתום,
באַהאַלט זיך אין דערנער און טרויער.

פריי פאַשען בהמות און עופות,
פריי פאָרפלט אין מיסט אויך אַ וואָרים,
פריי פליט אַ בין, זאַמלט אָן האָניק, —
נור איך בין דערשלאָגן און אָרים.

דאָרט גייט פון דער אַרבעט אַ דאָרפס-פרוי
און זינגט, טראָגט אַ קרענצל פון זאַנגן !
נור מיין פרוי, זי צאַנקט וואו אין דערנער,
אין ספּאַזמען פון טויט-שרעק געפאַנגען . . .

אָט שפּילן זיך קינדער אויף גערטנער
און לוסטיקע, יאָגן זיי, לויפן ;
נור מיין קינד ליגט וואו אויף אַ בוידעם,
פאַרוואָרפן אין שמאַטעס אַ הויפן . . .

אָ, גורל מיין גיפטיקער ! בריה, שטעך
מיט דערנער ביז בלוט מיך פאַרהאַסטן, —
נאָר לאָמיך אויך וויסן, פאַרשטיין
דעם זין פון די לעבנס-קאָנטראַסטן ! . . .

אַ שלאנג וואָלט איך זיין און — צופרידן,
אַ שפּין — און באַנוגנט מיט מיין חלק ;
נאָר לאָמיך אויך וויסן, אַז ס'קומט מיר, —
דען נור וואָס פון גאָט קומט, איז הייליק ! . . .

## פון מיין „תהלים׳ל“

ברעך, ווינט, די צווייגן און בוימער !
שטורעם, דו בייזער געוויטער ! —
כ׳זאָג מיר מיט גלויבן שטיל תהלים :
„גאָט איז מיין שיצער און היטער“. . .

שלאַקס־רעגן, גיס און פאַרטרינק מיך !
עלנד, באַוואַש מיך מיט טרערן !
אויסלעזן וועט גאָט פון אייך אויך
דעם עלנדן — גלויביק וועל שווערן.

רעגט זיך אין צאָרן ווילדע רוחות !
פלאַטער נישט, האַרץ מיינס, נישט צאַפּל ! —
גאָט היט זיין יתום, אַזוי ווי
מען היט אָפּ פון אויג דאָס שוואַרצאַפּל . . . .

שרעק מיך, דו נאַכט, מיט דיין חושך !
קריך, מענטש, אין גרוב, ווער אונזיכטיק ! —
גלויב, מיט געדולד האָף און וואַרט, ביז
ווערן פון גאָטס טעג וועט ליכטיק ! . . .

* * *

גאָט צי ווייסטו, אַז איך שטרעק מיך
נאָך דיין הילף אויס פון מיין נאָרע ?
מוזט דאָך וויסן, ווען מיין יעדער
ביין אויך דיך ווייסט און האָט מורא . . .

ס׳ווייסט די ערד פון מיין גרויס אומגליק —
אין איר שוים בין איך באַהאַלטן
פון דער שיין בין איך אַנטלאָפן,
קומט זי טרייסטן מיך דורך שפּאַלטן . . .

עס שלינגט די נאַכט איין מיינע טרערן,
עס צעטראָגט דער ווינט די זיפצן
און דו שטילסטע ווײ־מוט תפלות,
וואָס באַוועגן מיינע לעפצן . . .

ווער נאָך, ווער נאָך ווייסט מיין נויט נישט ? . . .
נור די הילף פאַרזאַמט צו קומען . . .
גאָט, פאַרשעם מיך נישט ! נישט טרעפן
זאָל דיין הילף מיך שוין אַ שטומען ! . . .

## טייערער ווינט . . .

טייערער ווינט פרייער, יאָגסט דאָך די וועלט אויס,
ברומסט-הערסט אומעטום, ווייסט פון אַלעס, —
בויג אָן אַ גרעזעלע איבער מיין „קבר
און ענטפער מיר אויף מיינע שאלות. —

צי ערגעץ-וואו לעבט נאָך אַ פאָלק בלינד אָן ציל,
און ליידט און קומט אום אָן אַ זינען,
ווי מיין פאָלק, וואָס ווייסט נישט, צו-וואָס איז זיין לעבן,
פאַר וואָס טוט זיין בלוט אייביק רינען ? . . .

צי ערגעץ-וואו וואַלגערן זיך קעגן דער זון פריי
צעהאַקטע פון שווערד מענטשן-פגרים, —
חזירים און הינט זיי צושלעפן, פריי פרעסן,
און לעבעדיקע — ליגן אין קברים ? . . .

אין קברים באַהאַלטן . . . ס׳האָט יעדער אַ גרוב זיך
געגראָבן אין פעלד און אין וואַלד . . .
טייערער ווינט פרייער, לויפסט דאָך די וועלט אויס, —
פאַרצעל עס מיט שטורעם-געוואַלט ! . . .

## קינד מיינס, קינד מיינס . . .

קינד מיינס, קינד מיינס, — ווי דיין מאַמען ! —
כ'האָב צו אומגליק דיך געבאָרן ;
דיר איז גוט נאָך — ווייסט פון גאָרנישט,
ליגסט אין פעלד צעווישן קאָרן . . .

קוקסט פאַרוואונדערט — עס געפעלט דיר ;
שטיף נישט, הארץ מיינס, מ'טאָר נישט לאַכן ;
גוי'שע „שרצים" מעגן אַלעס, —
טאָרסט זיך, קינד, צו זיי נישט גלייכן . . .

שאַ ! קיין פיפּס ! ששש... מ'טאָר נישט וויינען !
האַלט צו ס'מיילכל — מ'טאָר נישט הוסטן !
איין געשריי נור — און דיך וועלן
באַלד דערשטיקן מיינע ברוסטן ! . . .

אָט אַזוי זיך איינגראָב, טוליע . . .
גאָט, באַשיץ ! — אַ עופות פּאָרל
פלאַטערט, ווי פון ווינט די זאַנגען, —
ס'יאָגט זיי נאָך אַ ווילדער ערל . . .

שלאָף, מיין עופ'עלע, ששש... שלאָף, ששששאַ !
קרעכץ נישט, אוי, ניט כראפּע, — מ'טאָר ניט . . .
ווי דיין מאַמען, קינד, ביזט גליקלאַך :
ווייסט נאָך פון דיין אומגליק גאָרניט . . .

# 16 משה באָרטאַן,

## אַלטער זיידע . . .

אַלטער זיידע, כ׳האָב געפאָלגט דיך:
אומעטום האָב איך געקלעטערט,
וואו מיט שפינוועבס אַן אַלטער ספר
האָב געזוכט, געמישט, געבלעטערט.

אויך — די ביבל, וועלט-געשיכטע . . .
און אין ערגעץ נישט באַגעגנט,
מ׳זאָל אַזוי פּייניקן דיין פאָלק, ווי
אין דעם מערדערישן געגענט . . .

אויסגעפאָרשט האָב איך דאָס לעבן
פון די ווילדסטע געצנדינער, —
אַזאַ שד און שלאַנג ניטאָ איז,
ווי דער מערדער — „אוקראַאינער“! . . .

אָט אַצינדערט, אַלטער זיידע,
וועט קיין זכר שוין נישט בלייבן:
נישט קיין טאָרבע, נישט קיין שטעקן,
נישט קיין פאָלק און נישט קיין גלויבן! . . .

נישט קיין שול, נישט קיין בית-עולם —
אוי, דאָס לאַנד זאָל זיין פאַרשאָלטן! —
אין די מאַגנס פון הינט און שווינען
זיינען הייליקע באַהאַלטן . . .

— — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

איינס נור בלייבט מיר, אַלטער זיידע:
מיין אָרים קינד, מיין צאַרטעס בלימל
אויפצוזעצן אויף מיין רוקן,
און — אַ שפּיי מיט גאַל צום הימל! . .

און — מיט בלוט אויף דר׳ערד אַ כראַקע! —
אַ שפּאַן — אַ שפּיי! אַ טריט — אַ כראַקע!
און לויפן, בלאָנדזשען אָן אַ זינען,
ביז וואַן מיין בלוט און גאַל וועט רינען! . . .

## 18 משה בארטאן

### יתומים

דו ביזט עלנד, האָסט נישט קיינעם,
נישט קיין מאַמען, נישט קיין טאַטן;
וואַגלסט פריי אויף אַלע וועגן —
ווער וועט דיר דען וואָס פארבאָטן?

לייכט קענסטו אַ רויבער ווערן:
זוך אַן אייזן, שאַרף אַ מעסער,
אָדער גאָר אַ שטיין אין בוזעם . . .
קלייב דיר אוים, וואָס ט'נוצן בעסער. —

לייכט קענסטו אַ דיכטער ווערן:
דיינע אויגן פון די שטערן
זאָלסטו קיינמאָל נישט אָפּווענדן,
און דיין זעל זאָל טרוימען, קלערן . . .

לייכטער נאָך פון אַט די ביידע
ווערסטו אומקומען פון בלאַנקען
עלנד, ווילד און פרעמד דעם לעבן,
אָן אַ באָדן, אָן געדאַנקען . . .

אַך, אַזעלכע „פרייע" קינדער
האָט מיין פאָלק אָן צאָל פאַרזייט
אויף די פעלדער פון „אוקראַינע"
אין דער לענג און אין דער ברייט . . .

אָ, דאָס לאַנד איז פעט און רייך ! נאָך
רייכער זאָל עס — גאָט דו מיינער ! —
זיין מיט חורבות, בראָך און אומגליק,
און מיט גרויסע בערג פון ביינער ! . . .

און דאָס „ברודערשאַפט„ פון ביינער
זאָל פאַרפלייצן יעדער רוים
מיט פאַפיר און מיט געשיכטעס :
„ס׳איז געווען אַמאָל אַ סדום“ . . .

## 20 משה בארטאן,

### וואו איז גאָט? ...

וואו איז גאָט דער שופט? —
ווער און וואָס קאָן צאָלן
פאַר די קליינע קינדער,
פאַר צעהאַקטע קינדער? ...

וואו איז גאָט דער רופא? —
ווער מיט וואָס קאָן היילן:
קעפּ אָן שטיין צעזעצטע,
אָפּגעשניטענע ברוסטן
פון ווי געפּלאַצטע הערצער,
אָפּגעהאַקטע פליגלען
פון נשמות — טויבן? ...

וואו איז גאָט דער העלפער? —
ווער מיט וואָס קאָן העלפן:
ווידער אַמאָל פלאַנצן
בוימער אָן די וואָרצלען, —
פאַרשניטענע יתומים
געבן טאַטע-מאַמע,
אויפלעבן אויפ׳ס׳ניי די
פרי-פאַרוועלקטע הערצלאַך
פון פאַרשוועכטע קינדער? ....

וואו איז גאָט בעל־רחמים ? —
ווער קאָן זיך דערבאַר׳מען
פאַרמעקן אין זכרון
אַלעס, אַלעס, אַלעס . . .
און ווער ס׳וועט בלייבן לעבן
זאָל גאָר נישט נישט געדענקען ? . . .

## מיין פאָלק

פון קעלט און הונגער איינגעשרומפן,
צו בונטלאַך ביינער אין אַ הויט, —
ליגט מיין פאָלק אין אַלע יאַרעס,
געפּרעסט פון שרעק, געדרוקט פון נויט . . .

עס איז פאַר אים גאָטס וועלט אַ קבר,
דאָס לייב און זעל — אַ שווערע לאַסט ;
און רייסט זיך פון דעם לעבנס־ענגשאַפט,
ווי פון אַ קייט אַ הונט זיך רייסט . . .

אומזיסט ! . . . געפאַנגען ז׳ער, געשמידט
צום לעבן, ווי דער הונט — צו׳ר קייט . . .
אַך, זון און לבנה אויך פאַרגייען,
מיין פאָלקס־שאַנד — קיינמאָלניט פאַרגייט ! . . .

## 22 משה בארטאן

### ירושה-סם

אָרים קינד מיינס, ביזט פאַר׳משפט:
איידער נאָך כ׳האָב אויף דער וועלט
דיך געבראַכט, און פון געבאָרן —
נור איך טרויער, נור איך שעלט! . . .

און אַזוי דיין קינדהייט, יוגנט . . .
וואו דו זאָלסט זיך טאָן אַ קער —
קלאָגט די עלנד, שמאַרצן — וואונדן,
בריט די באַק אַ גאַליק טרער . . .

נאָר ווען דו וועסט עלטער ווערן,
קלייב דיר פריי נאָך דיין פאַרשטאַנד:
סיי די וועגן פון דעם לעבן,
סיי דאָס גלויבן, פאָלק און לאַנד . . .

מעגסט פאַרגעסן, אויב וועסט קאָנען,
דאָס טרויער-ליד פון לייד און פיין,
און פון פרעמדע לידער שעפן
קונסט פון לוסט, פון פרייד און שיין . . .

זיי שוין דו פאַר אונז אויך גליקלאַך
און צופרידן מיט דער וועלט;
כ׳בענטש פאָראויס דיין וואונש און שטרעבונג,
אַלעם וואָס נור דיר געפעלט! —

דאָך האָב איך פאַר עפּעס מורא:
(ס'האָט מיט מיר אַזוי פּאַסירט) —
מיין פאָלקס גורל, אומגליק, טרויער,
האָסטו נאָך פון דיין געבירט

אין דיין מאַמעס מילך געזויגן,
אָנגעזאָפּט זיך ווי אַ שוואָם . . .
אָרים קינד מיינס, ביזט פאַר'משפּט:
טראָגסט אין זיך ירושה־סם ! . . .

## 24 משה בּאַרטאַן

### צו אידישע טעכטער

#### 1

שוועסטער מיין, ליבע געפּייניגטע שוועסטער! —
כ׳פאַל דיר צו די פיס, ווי פאַר גאָט אָנגעבויגן, —
וואו זיינען די שיינע, די בלויע און שוואַרצע,
די שטראַלנדע ליכטיקע אויגן? . . .

וואו זיינען די שטערן, די גאָלדענע טרוימען,
וואָס פלעגן אין האַרצן פלאַם־פינקלען און ברענען,
און צינדן די מנורה פון ריינסטע געפילן, —
די אויגן די ליבע וואו זיינען? . . .

וואו זיינען די חנ׳עוודיק־מילדע געזיכטער,
וואָס פלעגן דאָס האַרץ אַזוי צערטלען, פאַרוויגן
אין איידעלע, זיסע מחשבות, געפילן
און שאַפן פול בענקשאַפט אַ נגון? . . .

וואו זיינען? וואו זיינען? . . . אָ, ליידנדער מלאך!
דיין פּנים ז׳פאַרוועלקט און צו דר׳ערד צוגעבויגן,
פאַרשעמט און צעטראָטן ז׳דיין ליכטיקע צורה,
און אויגן — ניטאָ מער קיין אויגן! . . .

ניטאָ מער קיין גלאַנצנדע זעל־שטערן, שפּיגלען
פון ריינקייט, אומשולדיקייט, האָפנונג און ליבע, —
בלויז טויט־שטאַרע, פלעק־פולע, גלעזלאַך פאַרשפּיג׳נע
צעבראָכענע קוקער, ווילד־טריבע . . .

דיין גוף איז פאַרגוואַלדיקט, פאַרברענט — די נשמה,
פאַרשוועכט איז דיין חלום, דער מיידלשער ריינער . . .

— — — — — — — — — — — — — — — —

מיין פאָלק! פון דיין הייליגסטן שאַץ „בית-המקדש„
געבליבן ז'דיר ווידער נור שטיינער! . . .

איינזאַמע שאָטנס, האַלב-לעבעדיקע שטיינער,
וואָס וואַקלען זיך, קויקלען זיך הילפלאָז, אָן שיצן . . .
און וועסטו באַגעגענען וואו אַ שטיין-שאָטן —
באַלד פאַר צו דער ערד „שבעה“ זיצן! . . .

און רייס דיר פון האַרצן אַ בלוטיקע „קריעה“ . . .
און קלאָג, ווער צעגאַנגען פון טרערן און קימער . . .
און טיף זיי מקבר די שאַנד פון די קינדער,
און ווער די „מצבה“ אויף אימער! . . .

און שטרעק שוין נישט מער דיינע הענט אוים צום הימל,
און בעט מער ביי גאָט נישט ערלייזונג, נקמה, —
דער הימל וועט קיינמאָל דיין וואונד נישט פאַרהיילן . . .
נקמה — פאַר'ן מינדסטן שאַנד-וויי קאָן נישט צאָלן . . .
פאַרבלייב אַ מצבה אַ שטומע! . . .

2

## פאַרשוועכטע . . .

וואָס אַזוינס איז דיר, מיין ליבסטע ? —
צאַנקסט און גייסט אוים ווי אַ ליכט,
אויגן — פול מיט פיין און טרערן . . .
וואָס פאַרשטעלסטו דיין געזיכט ? . . .

אַך ! איך וויים, איך פיל דיין טרויער . . .
כ׳בויג זיך נידריק אָן און וויין . . .
ס׳האָט אַ שד פאַרשוועכט דיין ליבע —
הייליק ביזטו מיר און ריין !

ס׳איז דיין גוף פאַרשמירט געוואָרן
אין דיין בלוט און לעבנס-קויט . . .
נאָר דיין זעל מיר פלאַמט און לויכט —
אַ העלער שטערן — מאָרגנרויט ! . . .

ליבסטע זעל ! הויב אויף די אויגן ! —
הויך און גרוים ביזטו; איך — קליין . . .
ס׳האָט אַ שד פאַרשוועכט דיין גוף —
דיין זעל ז׳דאָך הייליק ! ס׳האַרץ איז ריין ! . . .

ביזט מיר טייערער פון פריער,
כ׳דריק צום האַרץ דיך צו און שווער :
הייליק ביזטו ווי מיין גלויבן,
ריין — ווי דיינס אַ זאַלציק-טרער ! . . .

3

## כ׳קוש שטיל דיינע טרערן . . .

כ׳קוש שטיל דיינע טרערן די שטילע,
שטום טרונק איך דיין טריבעס געמיט . . .
בויג זיכער דיין קאָפּ אויף מיין אַקסל,
דען שטאַרק ווער איך, ווען דו ביזט מיד . . .

און רייסט זיך אַ זיפּץ פון דיין ברוסט אויס,
און קלעמט דיך מיט צוואַנגען אַ וואונד, —
גליט אויף גאָר מיין ליבע און מיטלייד,
שטאָלט אָן זיך מיט קראַפט אונזער בונד ! . . .

דאַן ווער איך באַפרייט פון די ספקות,
„צי ליב איך ?״ — נישט פרעגט מיין געדאַנק ;
ס׳זיינען האָפן פאַר דיר מיינע אָרעמס . . .
אַ, שטאַרק ווער איך, ווען דו ביזט קראַנק ! . . .

4

## שטומע נשמות

מיך ציען נישט צו, נישט פאַרבלענדן
אַלייען פילפאַרביקע רויזן,
וואָס שכורן אָן לופט מיט דופט און
זיך פוצן אין צויבערשן פראַכט;
כגיי דורך זיי פאַרביי. איך באַוואונדער ווען
בונטע בוקעטן קאַלט-רואיק,
שטאָלץ-שיינע, געקינסטלטע בלומען־קרענץ
האָבן אויף מיר נישט קיין מאַכט . . .

עס האָט אויך אויף מיר נישט קיין שליטה
דער רעש און טומל פון מאַסע,
און פרעמד, אומבאַוואוסט — אירע אָפּגעטער,
ליידנשאַפט, צוציהונגס-קראַפט;
און בלאָנדזשע איך אום ווען-נישט-ווען צווישן
טומלענדע רייען פון מאַסן, —
אין ברויזנדן ים פליסט מיין טראָפּן
באַזונדער, פאַרוואונדערט, פאַרגאַפט . . .

מיך ציט נור צו זיך ווי א מאַגנעט
דאָס בלאַסע בלוטאָרימע בלימל,
וואָס שפּראָצט ערגעץ וואו האַרט ביים וועג,
צווישן דערנער און רויכיקן שטויב;

און טיף מיך פאַרנויג איך פאַר יעדעס
שטיל ליידנדעס, עלנדעס וועזן,
מיר ליב איז די איינזאַמע זעל, וואָס
ליידט שטום, איז אַ שטילינקע טויב . . .

אָ, שטומע נשמות ! מתקנא
בין איך מיך אין אייערע ליידן :
זיי האָט נישט פאַרשוועכט נאָך די שטומפּיגע
האַק מיטן זשאַווער — דאָס וואָרט ! . .
נישט איר האַנדלט מיט האַרץ, נישט איר בייט
בלוט און טרערן אויף וואַלוועלע גראַמען,
נישט איר לאָזט קיינעמס פוס אויף דער שוועל
פון באַהאַלטענעם הייליקן אָרט ! . .

5

## טרייסט

קום איך וועל שליסן דיך צאַרט אין די אָרמס,
מיין שטילע ליבהאַרציקע טויב ! —
אין גיכן אויך וועלן די ליידן זיך שליסן,
צוזאַמען מיט מיר האָף און גלויב ! . . .

ווער ביי זיך שטאַרקער, מיט זיכערע טריט פעסטע,
שפּאַן אין דעם לעבן, אָט זעסט :
דאָס שוואַכע קליין פייגעלע, זיכער, אַן צווייפל
לעבט, ליבט און זיך בויעט אַ נעסט.

נישט פורכט פאַרן צוקונפט, נישט ציטער פאַר „מאָרגן“
ווען שרעקליך געווען איז דער „היינט“ ;
די נאַכט האָט נאָך קיינמאָל דעם טאָג נישט פאַרשראָקן
מיט חושך — די זון דאָך ערשיינט ! . .

גרויזאַם מעג אויפרייסן, בושעווען, דראָהען
מיט שרעקן אַ שטורם, — וויבאַלד
ער איז נאָר פאַריבער — פריי אויפלעבן, הויבן
די קעפלאַך אויך גרעזלאַך אין וואַלד . . .

גיך וועט פאַריבער אויך אונזער שרעק־שטורעם,
גלויב, וואַרט מיט געדולד און זיי דרייסט !
דערווייל טרוי מיין האַרצן דיין ליבע און האַרץ־
טרייסט, —
וועסט אויך דאָרט געפינען אַ טרייסט ! . . .

דיין גוף וועל פאַרדעקן מיט מיינעם, דיין זעל וועל
מיט מיינער באַשוצן פון רויב ;
קום, איך וועל שליסן דיך שטאַרק אין די אָרעמס,
מיין שטומע, פאַרשראָקענע טויב ! . . .

## פון אַ נייער תחנה

גאָט, באַהיט און באַשיץ מיך ! —
נישט קיין פריינד, לעבנסגואל,
נישט קיין סניגור־מויל,
אויף דער גאַנצער וועלט איינעם
האָב איך נישט . . . קיינעם, קיינעם . . .
גאָט, באַהיט און באַשיץ מיך ! —

ווי אַ בוים אין דער וויסטע,
בין אָן שוץ איך פאַרוויסטער ;
כלויף אָן אָטעם, פאַרהויקערט,
יעדער חיה מיך לאָקערט ;
קומט דער טאָג בין איך גערן,
סזאָל שוין נאַכט גיכער ווערן ;
קומט די נאַכט — ווער איך ווילדער :
ס'בליצן אויף שוידער־בילדער . . .
קלונגען וואו קלויסטער־גלאָקן
ווערט מיין הארץ טויט־דערשראָקן . . .
הער איך שיסן, געשרייען —
כאַפט מיך אָן לידה־ווייען . . .
ס'וואַרפט פון קעלט און פון היץ מיך, —
גאָט, באַהיט און באַשיץ מיך ! —

## 32 משה בּאַרטאַן

מיין היים איז חרוב געוואָרן,
כ'האָב אַלצדינג שוין פֿאַרלאָרן
אינם גיהנום-גערודער:
עלטערן, שוועסטער און ברודער,
פֿרוי און קינד מיין נשמה,
מיין בעסטן שאַץ, — זעל-נחמה, —
וויי! צו וואָס גאָט, דיך בעט איך:
„גאָט באַהיט און באַשיץ מיך?..."

## „מלאך-המות“

קינד! מיר לעבן אין אַ צייט, וואָס
אַלע ווערטן שאַצט מען איבער; —
ס'ווערט פאַרהאַסט, געיאָגט פון האַרצן,
וואָס אַמאָל געווען איז ליבער . . .

ס'פאַלן טראָנען, פעלקער, לענדער,
אידעען-קעפּ פון אַלטע געטער, —
ווי אין הערבסט-צייט אין אַ שטורעם
די פאַרוועלקטע בוימער-בלעטער . . .

אויסגעמעקט ווערט פונם דמיון
ס'אַלטע, וואָס איז לאַנג פאַריבער,
און אויף אַנדרע, נייע גרונטן
קערט די אַלטע וועלט זיך איבער . . .

אַלעס, אַלעס שאַצט מען איבער! —
ס'האָט אויך פילעס זיך געביטן
אין מיין לעבן, זעל, געדאַנקען,
אַלץ — פאַרוואָס איך האָב געליטן! . . .

נאָר איך וויל קיין דעה זאָגן,
נישט — די וועלט צו פאַראורטיילן,
כ'וויים נישט מ'צוקונפט — כ'בין קיין נביא,
כ'וויל דיר, קינד, נאָר וואָס דערציילן. —

אין די גאָלד'נע קינדער־יאָרן,
פלעגט מיין באָבע מיר צעצויגן, —
ציטריק־שטיל דערציילן מעשיות,
פון די „מלאך־המות" אויגן . . .

ס'פלעגט מיין קינדערש־האַרץ זיך הויבן,
פלאַטערן פאַר דעם בילד אין שרעק,
פאַרן טויט־שר פון הוילע אויגן,
פייער־אויגן אָן אָן עק . . .

„יעדעם אויג זיינס דרינגט אַדורך,
זעט פון עק וועלט ביז צום צווייטן . . .
„מענטש ! גיב אָפּ זיך דין־וחשבון,
איידער ס'וועט זיין אויג־בליץ טיידטן !". . .

שטענדיק האָב איך פאַר דעם מלאך
ווילד געפורכט און טיף געליטן ;
נור אַצינד ,איז אויך דער טויט־האַר
אַראָפּ פון טראָן און איז פאַרביטן . . .

איז פאַרביטן אויף אַ מאוס'ער
בלינדער חיה־נישטיק שטויב, —
תמיד לאקערט זי מיין לעבן,
מיין בלוט, און מאַרך און זעל צערויבט . . .
— — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — —

אָ, מיין ליבער אויגן־מלאך ! —
קער זיך אום צום אַלטן פאָרם :
ס׳איז אַ שאַנד מיר אומצוקומען
דורך אַ בלינדן מענטשן־וואָרם ! . . .

## מיין צואה

. . . און אַז איר וועט שוין פון „סדום" זיך באַפרייען, —
עס מוז דאָך די שעה פון גאָט אַמאָל שלאָגן, —
זאָלט איר, מיינע ברידער, מיין „ארון" נישט לאָזן,
ווי טרויעריק, שווער ס׳זאָל נישט זיין אים צו טראָגן.

עס וועט דאָרט נישט ליגן קיין גאָלד און קיין זילבער,
און אויך דאָרט נישט זיין — מיינע ביינער די פוילע
בלויז קלאָג־לידער, תחנות, אַ בינטל „הושענות"
פון עלנד געברענטער, געפייניגטער זעלע . . .

מיין ליד איז נישט פרעמד אייך — דאָרט זיינען מיט ליבע
געזאַמלט אויך אייערע וואונד־ווייגעשרייען,
דאָרט טריפן אויך אייערע גאַל, בלוט און טרערן,
און ס׳קול פון פראָטעסט הילכט מיט גיפט אין פיל רייען . . .

מיין „ארון" טראָגט־מיט, — דען איר האָט נישט סיי־ווי מער
קיין גאָלד און קיין זילבער, קיין שאָף און קיין רינדער . . .
דאָס סם־ליד, אָ, ברידער, נישט לאָזט אין מצרים —
עס וועט דאָך אַמאָל אייער ווייַ מאַכן לינדער ! . . .

## 36 משה באַרטאַן

### באַם שייד-וועג

כ׳לאָז אַראָפּ צו דיר אין טאָרבע,
ברודער-וואַנדערער, אַ שטיין
מיט אַן אויפשריפט : „אין דעם לאַנד בין
איך אַ הונט צו שאַנד געוועז" . . .

אין דעם מיטן ים דעם גרויסן
וואַרף אַריין אים מיט אַ שפּרוך :
„אַזוי זאָלסטו, מצרים, פאַלן
צום גרונד פון שפּאָט און לייד און בראָך ! . . ."

כ׳לייג אַריין צו דיר אין זעקל,
געשענדטע שוועסטער, אַ פּאַפּיר
מיט אַן אויפשריפט : „ס׳איז אַריבער
דער ניינטער שקוואַל שוין איבער מיר" . . .

ווען דער ים וועט זיך צעשפּילן
אין אַ ווילדן שטורעם-גרויל —
וואַרף אַריין אָט די „קמיע"
אין זיין זודיק, שוימיק מויל . . .

בלייב פאַרגליווערט-שטום אַ ווײַלע . . .
עס מוז דער ים באַלד שטילן מ׳ווינט,
און פאַרשעמט שטיל אונטערברומען :
„עס פורכט פאַר גאָר שוין נישט, דאָס קינד" . . .

אונ צו דיר, מיין קינד, אין בוזעם
שטעק איך איין אַ פיילנבויגן
מיט אַן אויסגעקריצט באַפעל: „ציל,
טרעף די פייל אין שונא׳ם אויגן!“ —

אַפּווישן וועט זיך שוין קיינמאָל
פון דיין פאָלק די בושה, שאַנד...
זאָל דער שונא כאָטש ניט זען! —
האַלט דעם בויגן פעסט אין האַנט!...

## 38 משה בּארטאָן

# מיין ליד

פּראָסט און אָן כּללים, אָן קונסט און באַפּוצונג,
גיסט אוים זיך מיין ליד ווי אַ שקוואַל;
אזוי שטראָמט פון הארצן, אָן קונסט און אָן כּללים,
אַ לעבעדיק וואַסערל — קוואַל . . .

וואָס ס׳פאַלט אין קוואַל נאָר אריין פון דעם לעבן:
אַ בלימל, אַ שטיין צי אַ שטראַל,
שפּיגלט זיך אָפּ אויך אין ווערטער אין בלאַסע,
פלינק זונקענדיק טיפער אין קוואַל . . .

עס טרעפט דאָך צומאָל, — און ווי האָפט, אוי עס טרעפט זיך! —
דאָס לעבן פאַרביטערט מיט גאַל,
פאַראומרייניקט, שווארצט עס מיט בלוט און מיט וואונדן, —
ווי טרויעריק-טריב טריפט דאָס קוואַל! . . .

דאַן איז מיין וואָרט אויך פול וויי, מרה-שחורה,
און ציט, קלעמט דאָס הארץ ווי אַ צוואַנג;
דאַן ווערט מיין ליד אויך — אָן קונסט, טראָץ די כּללים, —
אַ וויינענדיק קינד און אַ שלאַנג! . . .

## עלעגיע

דער טאָג ז׳מיין פיינט און קללה, — עס שיינט נישט מיר
די זון,
אַ שטיף־מאַמע ז׳די נאַכט מיר, — מיך צערטלט נישט איר
שוים;
אַ, עלנדער, ווער ביזטו ? — אַ שטיין אין מיטן ים . . .
צי בין איך, אומגליק־ זאָמן, דען פון אַ שטיין אַרוים ? . . .

אומענדליך איז מיין טרויער, אָן גרעניץ איז מיין לייד,
די זעל איז מיד, שטאָק־פינסטער, דאָס האַרץ — פאַרוויסט
און קראַנק;
און אויסלאָדן זיי קאָן נישט מיין אָרים בלאַסעס ליד,
איך ווער נור לייכט פאַר׳שכור׳ט פון פראַזן, וואָרט־
געטראַנק . . .

כ׳פאַרגעס בלויז אויף איין בליק אין מיין שווער געמיט און
שמאַרץ,
אַזוי ווי אַ לייכטזיניק, געפּיעסטעט, נאַריש קינד,
וואָס יאָמערלאַך צעווײנט זיך ווען ס׳פייניגט אים די רוט,
און פון דעם מינדסטן שפּילכל באַרואיקט זיך געשווינד . . .

איך שפּיל זיך מיט די גראַמען — דאָס האַרץ איז נאָך
פאַרוויינט,
איך רעג זיך אויף מיט ווערטער — די זעל ז׳נאָך אַזוי מיד . .
אומענדלאַך איז מיין טרויער, אָן גרעניץ איז מיין פּיין,
און אויסלאָדן זיי קאָן נישט מיין נישטיק שפּילכל־ליד . . .

# 40 משה באַרטאַן

## „איבער״ . . .

פריינד דו מיינער ! איינגעמאַטערט
האָט דיך שוין דיין פוקסנפעל ?
האָסט פאַרבענקט זיך נאָך דעם מענטשנס,
וואָס איז צאַרט און בליטשטעט העל?

און איך ווינש מיר גאָר צו ווערן
אויף אַ גאַנצעם לעבן לאַנג —
אַ וואָלף מיט שאַרפע ציין און נעגל,
צי אַ גיפטיק-בייזע שלאַנג . . .

כ׳וואָלט דעם מענטשן אויסגעלערנט
זיין אַ „צדיק״, דען גערעכט
איז דאָס טיר וואָס צוקט דאָס צווייטע,
ביז עס כאַפּט די זעט נור רעכט . . .

כ׳ווינש אַמאָל מיר אויך צו זיין אַ
פרייער פויגל, פראָסטער שוואַלב ;
איידער מענטש צו בלייבן — וואָלט איך
גערן מרוקען, זיין אַ קאַלב ! . . .

כאָטש נישט וויסן, נישט פאַרשטיין,
ווי מען טרייבט צום שעכט-הויז פריי . . .
און אָן ליידן, ביז דער שחיטה,
שטום געקייט וואָלט איך שטרוי . . .

הערשט דאָך אָבער, פון זינט „סדום“ שטייט,
אויף דעם מענטשן אַן „אויבער“ — צער, —
פּראָסט, נאַטירלאַך איז ער קיינמאָל,
נאָר אַן „אויבער“ : אויבער-האַר.

אויבער-מענטש און אויבער-בהמה . . .
פון אַ חיה — ווערט ער שנעל
אויבער-טיר . . . ווער ס׳קאָן אַזוי נישט,
זיך צירן מוז אין פרעמדע פעל ! . . .

— — — — — — — — — — — —

האַלט-באַהאַלט זיך, פריינד דו מיינער,
אין דער פוקסנפעל . . . געדולד ! — . .
קומען מוז גאָטס שטראָף און צאָרן
אויפן אויבער-מענטשנס אויבער-שולד ! . . .

42 משה בּאַרטאַן

## ביז וואַן ? . . .

ביז וואַן צעטרעטן וועט דער „אשמדאי" דאָס לעבן ?
ביז וואַן, אָ גאָט, ביז וואַן
וועט הילפלאָז שרייען דער צוטראָטענער מיט וויי־רעכט,
אַז ס'איז קיין גאָט פאַראַן ? . . .

ביז וואַן פריי וועלן הענקערס טויטן, — ווי אַ היצעל
טויט אויפן שטריק די הינט,
אין יעדער הויז־קרבנות, אין יעדער לאַך און מיסט־גרוב
אַ מוטער מיט אַ קינד ? . . .

ביז וואַן וועט מען דעם מותר, די אָפּגעהאַקטע צווייגן,
וואָס וויאַנען, גוסס'ן שטום,
אַזוי צאַרנדיק־ווילד פאַרפאָלגן, צעטרעטן און פאַריאָגן
אָן זינען אומעטום ? . . .

ביז וואַן ? ווען קומט דער סוף ? — דער גיהנום האָט
אַ גרענעץ !
דער ים אַ גרונט אויך האָט ! —
צי דענקען, אַז גאָט'ס משפט וועט קיינמאָל נישט דונערן,
אַז ס'איז ניטאָ קיין גאָט ? . . .
און ניט געווען קיין גאָט ?! —
און ס'וועט ניט זיין קיין גאָט ?! . . .

## אויף צווייגן

רבונו של עולם! איך זאג: ביזט גערעכט! אז
אומזיסט, אן א ציל, האט נישט קיינער געליטן;
מיין הארץ, דיין געשאנק — דאך שרייט, בלוטיקט און
לעכטערט, —
דען ס'איז ווי א װארים אויף צווייגן צעשניטן . . .

אזוי ווי דער װארים, — שפרינגט אונטער, ציט, צאפלט
פון ווי זיך באזונדער א יעטווידער טייל;
איין העלפט פון מיין הארצען געהער מיינע ליידן,
די צווייטע ז'געאפפערט מיין פאלקס-לייד און זעל . . .

עס לאזט מיין צעצוויט הארץ מיך קיינמאל נישט רוהען,
די שמארץ-שלענג פארגיפטן און בייסן עס אימער;
ווען מיין ווי זיך לינדערט, מיין וואונד לייכט פארציט זיך—
פלאמט אויף דארט מיין פאלקס-בראנד און קימער . . .

רבונו של עולם! ווען דו וועסט שוין ברייננען
א טרייסטונג מיין פאלק און אים היילן די ווייען, —
אין איין צייט אויך מיך טרייסט, הייל אוים מיינע וואונדן,
דען איינס איז מיין הארץ, נאר צעריסן אויף צווייגן! . . .

## 44 משה באַרטאַן,

# פאָלקס געבעט

פרואווסט אוים מיין ליבע שוין טויזנטער יאָרן,
שטראָפסט מיך מיט בלוט און מיט פייער;
פייניק מיין לייב, נאָר מיין זעל נישט פאַרטיליק,
פאָטער מיין, איינציקער, טרייער! —

אמת, נישט איינמאָל פאַר דיר האָב געזינדיקט:
דיין „תורה" און „בונד" אויסגעביטן
אויף קליין-געלט געדינט האָב צו אַלע שונד-געטער,
נאָר כהאָב דאָך אָן מאָס אויך געליטן! . . .

כ'האָב דאָך מיט זין און מיט טעכטער די שענסטע
געצאָלט פאַר מיין יעטווידער „עגל",
קינדער-קרבנות פאַר זינד, גרייזן האָב איך
געבראַכט פאַר די חיות און פייגל . . .

און ווען דו וועסט שוין אויף מיר זיך דערבאַרמען,
מיט צאָרן מער ניט קנייטשן די ברעמען —
בעט איך דאָס ערשטע דיך, גאָט פון נקמה:
די פיינט מיינע זאָלסטו פאַרשעמען! . . .

אויסגעקריצט האָסטו פאַר צייטן און דורות
הייליקע דיינע געזעצן,
און דאָס געזעץ: „זעל פאַר זעל! בלוט פאַר בלוט!" נאָך
האַלטן די פעלקער און שעצן. —

דאָך נישט פאַרלאַנג איך קיין „מיתות-משונות“
דער שדיש-פאַרדאָרבענער זאָמען;
מיין וואונש-נקמה: גאָט! לאָז זיי לאַנג לעבן,
נור ס׳לעבן מיט שאַנד זיי פאַר׳סמ׳ען!. . .

פאַרשעם זיי, די פיינט, מיט באַוואוסטזיין — ערקענען,
פילען דעם שאַנד-טאָט מיט ציטער;
שטענדיק באַגלייט זיי מיט שמאַרצליכער בושה,
דאָס לעבן מיט שפּאָט זיי פאַרביטער! . .

גרייכן זאָל זייער בזיון די שטופע,
איינער צום צווייטן זאָל שרייען:
„לאָמיר זיך אויסשטעכן, אויסבראָטן די אויגן,
מער אונזער חרפה נישט זעען!“ . . .

גאָט פון נקמה! אין אַל׳ מיינע תפלות
בעט איך: צעשפּרייט פון דיין האַנט
אויף מיינע פיינדס קעפּ — אומערטרעגלאַכע בושה,
שפּאָט-פּיין און גיפטיקע שאַנד! . . .

## 46 משה בּאַרטאַן

### צו מיין מוזע

ווי וואונדערלאַך, געטין געליבטע,
האָט זיך אונזער ליבע געשלאָסען! —
ווי לאַנג ערשט געקלונגען דיין קול האָט
פאַר מיר אַזוי פרעמד, קאַלט-געלאַסן;
כ׳פלעג בּיינקען, פאַרלאַנגען דיין נאָענט —
נור דו האָסט געשוועבט פון מיר ווייט;
דאָך דעמאָלט געווען צו מיר מילדער
און צאַרטער-געטריי איז די צייט . . .
געהאַט האָב אַ היים איך אַ שטילע,
און אייגענע, נאָענטע פריינד;
אינטים האָב געלעבט אויף מיין וועלטל,
געוועזן איז נאָך מיינער דער היינט! —
בּלויז אין אַ זעליקער רגע
פון טרוים, פלעג פון דיר טרוימען, דענקען
און דורשטען פון דיין קוואַל צו טרינקען,
און גלוסטען דיין נאָענט און בּענקען! . . .
און דו האָסט געשוועבט אין די ווייטן
אַמאָל נאָר געשענקט מיר אַ בּליק . . .
פאַרשוואונדן ז׳דער טרוים — שנעל געאיילט זיך
צום טעגלאַכן לעבן צוריק . . .

אַצינד, ווען מיין היים איז צעשמעטערט
אַ שטומע און וויסטע רואינע,
די נאָענטע, ליבּסטע — פאַרשניטן,
פאַריאָגט, כ׳ווייס נישט וואו, און וואוהין . . .

כ׳באַהאַלט זיך אין שרעק פאַר דער שיין
אין אומריינע מיסט-גריבער, לעכער
און כ׳טרינק זיך, פאַרכלונע אין שאַנד-סם
פון אַשמדאי׳ס גיפט-פולן בעכער . . .

אַצינד, ווען אַ בינשטאָק פון ליידן
מיין לייב און זעל בייסן און שטעכן,
און כ׳רייס מיר, ווי איוב, די וואונדן,
און די ביינער אויך וויטאָקן, ברעכן . . .
פאַרשפּריץ מיט מיין בלוט און מיט גאַל אַלץ,
בין פאַרריקט און זיך קאָך אין געוויין . . .
און כ׳פּאָרפּעל אין גרוב זיך אַ ברודיקער,
מאוס׳ער אויך פאַר זיך אַליין . . . —
אַצינד ביזטו, זעליגע געטין,
צו מיר אין מיין אומגליק געקומען,
און האַסט מיך, מיין קבר פאַרשיט מיט
הימלשע קלאַנגען, טרוים-בלומען . . .
און גיסט אויף מיר אוים גאָר דיין חסד,
און צינדסט אין מיין האַרצן די שטערן . . .
אַ וויי-געשריי רייסט זיך פון ברוסט —
בויגסט צאַרט זיך אָן איבער מיין שטערן . . .
און טראָגסט מיר טריי אונטער דיין בעכער
פול טרוימען און ליבע-געטראַנק,
און שלעפּערסט מיך איין אין די אָרעמס —
דאַן פיל איך נישט מער, אַז בין קראַנק ! . . .

און כ׳טרוים אויף איין אייביגקייט-ווײַלע :
אַז איך — בין נישט איך וואָס געווען,

אין חלום קאשמארן האב איך וועו
א גרוילאכס בילד נאר געזען . . .
אז אין חלום נאר בין איך א שמארץ-קינד,
און הילפלאז און עלנט פארלאזן . . .

— — — — — — — — — — — — — — — —

א, וואונדערליך, ליבענדע געטין,
האט זיך אונזער ליבע געשלאסען ! . . .

## פארצווייפלונג

פארביטערט איז מיין הארץ — עס לעכצט נאך היימאט-רו—
און אייביק וואגלט עס און בלאנדזשעט אין דער פרעמד ;
פארקוילט איז אויך מיין זעל — מיט אש באדעקט און גרא,—
מיין שאץ מיין הייליגטום פארשוועכט איז און פארברענט . .

די ליבע מילדע זון שיינט יעדן אזוי פריי,
נאר איך פארשטויסן בין פון איר אין גרוב אצינד ;
איך ביים מיין פויסט ביז בלוט און וויים, אז בין פארביי.
און מיט די נעגל, ציין די ערד איך רייס און שריי :
תלינים ! זאגט, פארוואס בין איך א אידיש קינד ? . . .

## נאָך אַ „שחיטה"

נישט אַנדערש, אַז דו גאָט, אין שווערן גרימצאָרן באַשלאָסן
האָסט נישט צו לאָזן איינעם נישט,
קיינעם נישט,
פון דיין מאַרטירער־פאָלק! —
ווען זויג־קינדער, ווען קינדער פון די וויגן —
צעהאַקטע און דערשטאָכענע, געשאָכטענע פריי ליגן
באַזונדער און אינאיינעם,
מיט דערשטאָכענע, געשאָכטענע, צעהאַקטע מאַמעס אויף די
מאַרקן! —
און עס פרעסן מוטער־פלייש און לעקן אָפּ די ביינער —
(עס טרייבט נישט אָן זיי קיינער!)
אַ שייקע הינט . . .
ווער עס לעקט אַ קעפּל פון אַ קינד,
ווער עס כראָמטשעט מיט די ציין
אַ ווייכס, קינדערש מאַרך־ביין . . .
און איך דאָס אַלעס וויים און זע און הער —
און לאָז נישט מער קיין טרער! —
און אין קבר לעבעדיקערהייט זיך נישט פאַרגראָב! —
און גיי פון זינען נישט אַראָפּ! —
אָ, ניין! איך זוך וואו אוים אַ שטיקל ברויט
און אַנטלויף באַהאַלטן זיך פון טויט, —
פון געוואונשסטן אַצינד און טרייסטן אויסלייזער און פריינד
— פונם טויט! . . .

אוּן דאָרט —
אין פינסטערן און קאַלטן לאָך —
כ׳טוליע איין זיך, גראָב איך איין זיך אין אַ ווינקל-אָרט,
אוּן שטום —
אָן וואָרט —
אָן ברום —
גליווער איך און וואַרט ! . . .
מיין זעל — אַ ווילד צוטראָטן גרעזל — טרוקנט, וויאַנעט,
דאָרט . . .
און איך אַלץ וואַרט ! . . .
אויף ווּעמען און אויף וואָס ? —
איך וואַרט ! . . . — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — —

## טויטע נשמות

אין אַ גרוב אַ ענגן בין איך
אײנגעשרומפּן-קלײן,
נעבן מיר אַן אָרט געפונען
וואָלט נאָר גאָט אַלײן . . .
פון מײן ענגשאַפט רוף צו גאָט איך
דרײסט, מיט תליה רעכט, —
וואָס ערלויבט איז דעם צום טויט שוין
פאַראורטײלטן קנעכט, —
קום אַראָפּ צו מיר, מײן גאָט, איך
האָב נישט קײנעם מער,
און אַלײן צו זײן איז שרעקלאַך,
אומעטיק און שווער . . .
כ׳האָב זיך נישט פאַר וועם צו קלאָגן
אין דער ווײסטער הײל.
קום אַראָפּ, גאָט, אויסצולאָדען
מיר פון שרעק מײן זעל ! . . .

כ׳בין אַנטלאָפן פון מײן טויט-פײנט,
וואָס אויף יעדן טריט
זוכט מײן לעבן, דורשט מײן בלוט און
ווערט נישט אײנגעמידט. —
אין דעם גרוב אַרײן . . . דעם נביא׳ס
„חכי עד יעבור זעם !“ —

קלינגען אין מיין האַרצן . . . אין דער וויסטע
זיך פאַרזאַם,
ביז פאַריבער וועט דער שטורם-אויפרייס,
פרי צו שפעט,
און פון שוין-גרוב, מענטשנקינד, צו גאָט
רוף אין געבעט! . . .

האָסט מיך, גאָט געשיצט, געהיט מיט
חסד ביז אַצינד,
פלאַטערט דאָך מיין האַרץ פון מורא,
ווי אַ בלאַט — פון ווינט;
אויב ס'וועט זיין דיין ווילן מיך באַפרייען
פון די שטריק, —
ווי וועל קאָנען שוין צו וועלט און
לעבן גיין צוריק? . . .
ס'איז דאָס לעבן איבערפולט מיט
שמאַרצן, סם-געטראַנק,
גאָר די וועלט איז דאָך פאַרפעסטעט
מיט אַ סדום-געשטאַנק! . .
און עס איילן, זיך באַוועגן,
שפרינגען מאַסנווייז:
מענטשן הוילע, אָן די הערצער,
הערצער — ווי דאָס אייז . . .
מענטשן ווילדע חיות — אָן
גאָט'ס צייכן, ליבע פונק,
וואָס נישט זען, נישט פאַרשטיין
קיינמאָל דיינס אַ ווינק . . .

מענטשן-שדים, קערפּערם אָן
נשמות, אָן אַ גאָט, —
צו דען האָט אַ מערדער פון אַ קינד
אַ זעל געהאַט? . . .
אַך, ווי שרעקט מיין זעל זיך און ווי
דריקט מיין הארץ אַ פּיין,
צווישן מתים אָטעמען און לעבן,
מיט זיי זיין! . . .
ווי וועל קאָנען דענקען, ליבן,
אַרבייטן באַנאַנד
מיט אַ פאָלק פון טויטע נשמות
אין אַ שלאַנגענלאַנד? . . . .

— — — — — — — — — — — — — — —

גאָט, מיין גאָט! איך רוף צו דיר
פול אַנגסט און שרעק און שריי:
איידער אומקערן צו זיי —
אין גרוב מיט מיר דאָ זיי! . .

## איינציקע ווערטער...

איינציקע, אָן בינדונג ווערטער,
מעג דאָס זיין אַ וואָרט פון שילד, —
רופן אויף אַרויס געדאַנקען,
שאַפן אויף אַמאָל אַ בילד.

אָט צום ביישפּיל ס׳וואָרט „געשטאָכן“
פלעגט זיך אין מיין קינדעריש מח
פאַרטזעצן: געשטאָכן האָט אַ
גוי אַ חזיר אינ׳ם בויך...

צי — „געקוילעט“ — פלעג איך פעסט
געדענקען אין מיין קינדהייטס-לויף,
אַז געקוילעט האָט דער שוחט
אונז אויף שבת נור אַן עוף. —

און דאָס וואָרט „צוהאַקן„ שטענדיק
פלעגט צעגויפשטעלן אַ זאַץ:
„עס צעהאַקט דאָס פלייש דער קצב
אין דער יאַטקע אויפן קלאָץ“ —

איצט ווי שווידערלאַך עס קלינגען
מיר די ווערטער, ווילד — פאַרשידן: —
נאָך „געשטאָכן“ ווייס באַשטימט, אַז
סהאָט געשטאָכן ווער אַ אידן...

צי אַ מוטער אין דער ברוסט גלייך . . .
גאָט אַליין איז דאָך אַן עדות !
און געקוילעט האָט מען פשוט
יונג און אַלט און בלינדע זיידעס . . .

נאָר אַ גרויל מיך נעמט אַדורך
פון דעם זאַץ, וואָס נאָך „צוהאַקן":
מ'האָט געהאַקט די קליינע קינדער
אין די קעפּלאַך, האַלדז־און־נאַקן ! . .
— — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —

אָט אַזוי פאַרבייט זיך צייט־ווייז
אויך דער זין פון איינציק וואָרט ; —
גאָט ! נעם אָפּ באַ מיר דעם שכל,
כ'זאָל נישט זעלבסט באַגיין די מאָרד ! . . .

## פליג-נביאות

. . . און עס איז געווען אום ענדע זומער, ווען איך א קליינע צימער-פליג, א שוואכע שוין, אן אלטע און א מידע פון דעם לעבן, האב געזוכט אן ארט. א ווינקל ערגעץ אויף א באלקן, אום דארט איבערשלאפן גאר דעם טריבן הערבסט אין לאנגן ווינטער-טויט. — ביז עס וועט באוויליגט ווערן פון מיין שעפער מיך „מחיה-מתים" זיין צום נייעם לעבן פון א נייעם פריהלינג; — האב איך דערשפירט א פייער-דיקן ציטער. וואס האב קיינמאל אין מיין פליגן-לעבן נישט געפילט נאך, — דאס האט מיין שעפערס גייסט באריהרט קוים מיינע פליגעלאך, וואס זיינען אין איין פליגנבליק פארברענט געווארן, און שטאט זיי באקומען האב די גרויסע שטארקע פליגלען פון א בין, וואס האב פון זיי אמאל נאך אין מיין יוגנט היים געטרוימט . . . נאכדעם, — מיט א צעגליטער צוואנג האט גאטעס גייסט ארייגעלעגט אין מיר א ברענענדיקע בינענגיפט פון וועלכער איך האב קיינמאל נישט געוואגט צו טרוימען, און צו מיר אזוי געזאגט-באפוילן:

„פלי, דו פליגעלע, און ווער אצינד מיין אפאסטאל און מיין נביא! — גיפטיק ביים און זשומע, פליגעלע, דו ביזט אצינד די כלי פון מיין צארנדיקווארט און ווילן! — איך שיק דיך צו א פאלק פון שלענג און עקדעשן — נישט פירכט פאר זיי, — זיי מוזן ציטערן און שרעקן זיך פאר דיר, דע; דו ביזט מיין שליח!

און יעדן איינציקן באזונדער, יעדן פויער,

זאלסטו פאראוים א גיפט לאזן נאכדעם ארייינזשומען אין אין אויער —

## אַזוי האָט גאָט געזאָגט:

נישט קיין לויטער פייערדיקן מלאך פון מיין הימל שיק איך,
גאָט, צו אייך; —
נישט קיין גרויסן, ליבנדן און ליידנדן ערד-נביא שיק איך,
גאָט צו אייך; —
נייערט, אָט די נישטיקע, אומוויסנדע און קליינע פליג! —
דען איר אַליין זענט קליין און נישטיק און אומוויסנד. און
קיין גרעסערן
ערהאַבענעם שליח האָט איר קיינמאָל נישט פאַרדינט!
און זיינט אים קיינמאָל נישט די ווערט! —
ווייסט איר, שלענג און עקדעשן!
געדענקט איר, העסליכע, און ווייסט! —
דערפאַר —
וואָס איר האָט שדי'ש אַזוי פאַרמערט און שוידערהאַפט
איבערטריבן,
איבערכאַפּט

## די צאָהל און וואָג און מאָס —

בשעת איך געהייסן האָב אייך צו באַשטראָפן מיין ליב
פאָלק! —
און איר. — פאַרשאָלטענע און פאַלשע העסליכע באַשע-
פעניש! — האָט גאַר
פון זיך אַליין שוין — זיך ערלויבט —
מיין אומגליקלאַך געפייניגט פאָלק די ביינער ברעכן, ס'פלייש
צו פרעסן,

ס׳בלוט צו טרינקען און זיין זעל צו נאָגען, בראטן און זיך
לוסטיק מאַכן

איבער זיינעליידן, וואונד-און וויי-געשרייען —

אַן אַ צאָל, און אַן אַ וואָג און אַ מאָס ! —

זאָלט איר זיך איינס דאָס צווייטע אייביק:

ברעכן, פּרעסן, זויפן, נאגן, צינדן, בראָטן און פּאַרטיליקן

מיט בלוט און פייער, און פאַרשלינגען איינס דאָס צווייטע
לעבעדיקערהייט —

אַן אַ צאָל און אַן אַ וואָג און אַן אַ מאָס ! . . .

וועלקט און דאַרט, — ווי ענדע זומער — סגראָז !—

אַן אַ גרענעץ, אַן אַ סוף זאָל זיין

אייער הונגער, דורשט און וואונדן-פּיין ! —

נישט אייך זאָל שיינען מילד די זונענשיין ! —

אַ קנעכט זאָל איינער באַ דעם צווייטן זיין ! —

„אַן אַ צאָל, אַן וואָג און אַן אַ מאָס“ —

זאָל די „צאָל-וואָג-מאָס“ פאַר אייך נאַר זיין ! —

ווייסט מיין קללה אַלט און יונג און קינד אין וויג ! —

— — — — — — — — — — — — — — —

אַזוי האָט גאָט געשיקט אייך זאָגן דורך אַ
פליג ! . . .

## אַ אינגאַלע

— אינגאַלע ! אַ אידיש-קינד ? שטיי !
ס׳וואוינט אַ איד דאָ, — קום-הער ! —
בלייבט ער שטיין און שווייגט. געמיינט האָב,
אַז ער איז אַ שטומער.

— ט׳איז די שטוב — קום, אינגאַלע !
זיץ אָט איז אַ בענקל ! —
אויגן קוקן צו דער ערד,
קיין בויג, קיין ריר, קיין קווענקל.

— אינגאַלע ! פון וואַנעט גייסטו ?
זיץ, וועט זיין דיר קילער . . .
אויגן שטעכן אַלץ די ערד,
„כ׳ווייס נישט“ — ענטפערט שטיל ער.

— הונגעריק ביזטו, אינגאַלע ?
אפשר ווילסטו טרינקען ? —
הויבן אויף זיך שטום די אויגן
און צו דר׳ערד באַלד זינקען.

„אודאי הונגעריק ! אוי, ווי דורשטיק !“
בליצן שטום די אויגן.
שפּעטער, נאָך אַ רו-שעה שווייגן,
פּרואוו איך ווידער פרעגן :

— אינגאַלע ! האָסט טאַטע-מאַמע ? —
„ניין, גע'הרג'עט". — טרוקן
ענטפערט ער, נאָר זיינע אויגן
פייכטע שמערצלאַך קוקן.

— האָסטו ברודער, שוועסטער, קרובים ? —
ער ענטפערט ווי פאַרשלאָפן, —
ליפלאַך נאָר זיך קרימען, ציטערן, —
„גע'הרג'עט. איך — אַנטלאָפן".

— אינגאַלע ! קרבנות זיינען
פיל באַ איך געפאַלן ? —
און ווי אַן אַלטער, שטעכיק-שפּאָטיש :
„עט ! ציילן נישט קיין בעלן . . . " !

נאָך אַ ווײַלע, פּלוצלינג, היציק,
קול, געזיכט, — פאַרביטן :
„מיין רבין, אַ סך קינדערלאַך —
אויף שטיקעלאַך צעשניטן ! —"

און באַלד פאַרלאָשן און אַנטשוויגן,
קעפּל — אנגעבויגן
און קוקט אויף ד'אייג'נע דאַרע פיסלאַך
טעמפּ, מיט שטאַרע אויגן.

— אינגאַלע! האָסט גאָר נישט מורא
צו גיין אין פעלד, אין וואַלד? —
„לאָז'ן הרג'ענען! ניין! איכ'ל
שוין נים שרייען — גוואַלד!" —

שפּעט ביינאַכט, פון אַ געלעגער
הער איך אַ קינד כליפּען, —
בעטלער־אינגאַלע שלוכצט, וויינט און
פלאַטערט מיט די ליפּן:

„אוי, מאַמעניו! אוי, מאַם — כ'האָב מורא!"—
קראַמפּהאַפט האַלט ער ס'קישן...
כפּרואוו אים איינגעמען מיט ווערטער,
צערטלען, גלעטן, קושן, —

נאָר אומזיסט, — דאָס אינגאַלע
מיט אויגן צוויי: אַ ים
פון צער און אַ ים פון שרעק,
האָט לאַנג געשלוכצט: „אוי, מאַמ־!"...
— — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —

## 62 משה באַרטאַן

### די וואונדער בלום

איך ווייס נישט, צי האָט עס ערשיינט מיר
אין לעבן, צי נאָר אין מיין חלום,
איך ווייס נאָר, אַז פאַר מיין געבאָרן
געזאָגט האָט אַ גייסט צו מיין זעל:

„איך שענק אין דיין וועג דיר אַ בלימל,
דו וועסט עס נישט זען, נישט פילן
ביזן בליען; עס בליט דאָך נאָר איין מאָל
אין לעבן, — ווען איך אים באַפעל!..“

פון קינדוויז אָן, זינט כ׳האָב דערשפירט, ווי
דאָס לעבן מיר שלאָגט אין מיין האַרצן, —
אַ קוואַל נישט באַוואוסטע פאַרלאַנגען
און בענקשאַפט אין האַרצן אויך שלאָגט;

פאַרלאַנגט האָב איך עפּעס, וואָס ווייס נישט,
געבענקט האָב איך שטענדיק נאָך עפּעס,
נאָך דעם וואָס איך האָב נאָר איך זע נישט
האָט תמיד דאָס האַרץ מיר גענאָגט...

פאַרגאַנגען ז׳דער טרוים פון מיין קינדהייט,
געקומען ז׳מיין טרוים פון דער יוגנט,
און טרויעריקער, שטאַרקער פון האַרצן
געשלאָגן האָט בענקשאַפט־פאַרלאַנג; —

ס׳האָט יעדער בלוט-אויפברען פון יוגנט
גענאַרט מיך מיט אַנד׳רע „מציאות“,
געמיינט, אַז כ׳האָב „מיך“ שוין געפונען,
מיין „עפּעס“, וואָס כ׳דורשט אַזוי לאַנג . . .

פאַרווישט ז׳אויך דער טרוים פון מיין יוגנט . . .
איך שפּאַן שוין אין לעבן אַ זאָרג-מאַן:
די קינדערשע טרוימען — פאַרשטויסן,
כ׳שאַף לעבנס, מיין זאָמען פאַרשפּרייט . . .

דאָך בריט ווען אַ בראַנד אָפּ מיין האַרץ מיט
אַ לאַנגסטיקן ווײ און מיט בייִנקשאַפט:
איך ווייס, — ס׳האָט מיין בלום נישט געבליט נאָך,
מיין רעטזעל איז נאָך נישט באַשיידט . . .

ערשט ווען מיינע גרונטליכע פיינט מיך
ווילד האָבן פאַרשטויסן פון לעבן,
און איבער מיין קאָפּ הייִנגט און דראָעט
די שאַרף פון פאַרגיפטעטן שווערד;

ווען כ׳ליג אין די קברים באַהאַלטן
די האָפנונגען אַלע פאַרלאָשן,
דען כ׳ווייס, אַז מיין אומגליק, מיין שמאַרץ ווערט
פאַרקילן מיט ערד נאָר די ערד . . .

ערשט דיין אין אַ פינסטערער טויט-נאַכט
מיין זעל האָט אַ בליץ דורכגעשניטן, —
דאָס האָט דאָך די בלום אויסגעשאָסן
צעבליט זיך מיט גייסטיקער קראַפט;

און וואונדערלאַך מיך אין מיין קבר
פאַרפלייצט מיט אַ מבול פון בלימלאַך,
וואָס יעדעס באַזונדער אַ וועלט איז,
און צויבערט מיט בילדער און שאפט . . .

איך פאַל פאַר דיר, גייסט, און איך קני! —
מיט ליבע-דאַנק קלייב איך אָן אוצרות,
מיין זעל פון דיין גייסטיקן קוואַל טרינקט,
די בלום — דיין געשאַנק — ז׳מיין געווער!..

נאָר גיפט אויך אין זעליקן קוואַל טריפט:
פאַרטרוימט האָסט מיין אונזיכטיק וועלטל, —
דיין גרויסעם געשאַנק איז געקומען,
ווען ס׳לעבן נישט מיר שוין געהער! . . .

נישט דאַמאָלט געבליט האָט מיין בלום, ווען
געווען בין אַ ריין-הייליק קינד נאָך, —
אין לויטערן הימל וואָלט זי דאָך
אַ שטערן צעבליטער געשיינט . . .

ניט דעמאָלט אויך, ווען אין מיין יוגנט
געפלאַמט האָב, געליבט און געזינדיקט, —
די זון פון מיין זעל וואָלט געוועזן זי,
דער זין פון מיין לעבן ביז היינט . . .

נאָר דאָן, ווען ניט איך און ניט קיינער,
ניט אויסניצן וועלן די שאַצן,
וואָס האָבן אַנטפּלעקט אין מיין זעל זיך
ביי „נעילה" פון מיין אונטערגיין — — —
— — — — — — — — — — — — — —

ניט שוין זשע, אָ גייסט, וועט דעם צוויי-סוד, —
דעם זין פון דער בלומס — און פון מיין „זיין", —
אינאָנהויב באַשיידונג, אַנטפּלעקונג
פאַרדעקן אַ טויט-שטומער שטיין? . . .

## אַ אידנס פרילינג

אין איין ווינקל פון מיין האַרצן
טרוימען, שפּילן פרילינג פידלען,
און אין צווייטן — שוואַרצע קראָען
שרייען, קנאַקן מיט די פליגלען . . .

ווען אין ערשטן בליען קנאָספּן,
ווערט אַ זעליק-קינד געבאָרן, —
ראָבן-שנאָבלען באַלד צעפּליקן
זיי אין צווייטן ווינקל-דאָרן . . .

ליכט און שאָטן, טויט און לעבן
רוען אויף מיין האַרצנס-לוחות:
ווען אין ערשטן-שפּילן פידלען,
וואָיען אין דעם צווייטן — רוחות! . . .

ווען מיין זון ערשיינט אויף איין זאַט,
גייט זי אויף דער צווייטער — אונטער;
אין איין ווינקל ז׳פרילינג, זומער,
און אין צווייטן — הערבסט און ווינטער! . . .

## הימלאָזע

האָסט געזען אַמאָל מיין ליבער? —
ס'איז אַ נעפּלדיקער האַרבסט-טאָג;
מיט חילות פּייכטע וואָלקנס
אנגעלאָדן איז דער הימל,
נודנע, טריביק טריפט אַ רעגן,
וואָס פאַרשוואַרצט און קויטיקט אַלעס...
טונקל, אומעטיק און קאַלט איז,
ווי באַ הימלאָזן אין האַרצן...

פון אַ גרוב זיך טראָגן קולות,
גלייך אַ קינד דאָרט וויינט, פאַרגייט זיך:
ס'וואָיעט, וויינט אַ קליין-בלינד הינטל,
וואָס זיין מוטער האָט פאַרלאָזן
אויף בּאַראָט פון ווילדע שטיפערס...
קינדער האָבן לאַנג געשפּילט זיך,
ביז צום העקל דאָס געפּייניקט,
און מיט פרייד-געשריי און פייפן
אים אין מיסט אַריינגעשליידערט. —

אַט דאָס קליינע בלינדע הינטל
קוויטשעט, פּישטשעט אָן אַ אויפהער,
קריכט, זיך דראַפּעט און עס ציטערט
מיט אַ יעדעם גליד פון גופ'ל...
וואָלסט אים נעמען — איז זיין גופ'ל
קרעציק, גליטשיק, בררר... עס שווידערט!

לאָזט אָן הילף אים איבער שרייען,
ביז דערגיין וועט דאָס אין מיסט-גרוב,
אין אַ צייט אַרום צופעליק,
גייסטו דורך און זעסט דאָס הינטל
שוין געפּגרט און פאַרגליווערט,
און דאָס בייכל מיט די פיסלאַך
אויסגעשטרעקט צום הימל זיינען,
גלייך זיי וואָלטן שטום געפרעגט
אַ הינטישן פאַרוואָס? — —

האָסט געזען, מיין פריינט, דאָס בילד? —
לייג נאָך צו ביי זיך אין דמיון:
גאָר דעם פראָסט פון מענטשלאַך עלנט,
גאָר די בראַנד פון האַרצנסליידן,
גאָר די טיף פון אבל׳ס טרויער,
גאָר דעם תהום פון אידיש אומגליק, —
וועסטו האָבן אויך דאָס ריכטיק
בילד מיינס פון אַ צינד! . .

נאָר מיט איינעם אונטערשייד איך
פון דעם הינטל מיך: דערווייל בין
נישט אינגאַנצן נאָך פאַרגליווערט,
און „פאַרוואָס?“ נישט פרעג איך קיינעם —
כ׳האָב נישט וועמען נאָך צו פרעגן . . .

— ניין, איך בין נאָך נישט געפּגרט!
כ׳וועל מיט גאַל, פאַרגיפטעט בלוט נאָך
אל׳די וואונד־פליגן פאַר׳סמען
און זיי אָנרייצן אויף שונאים:
„בייסט און שטעקט זיי אָן מיט אומגליק,
מיט מיין הינטיש משוגעת!“ . . .
— — — — — — — — —

## „וגר זאב אם כבש“ . . .

„און אַ וואָלף וועט וואוינען מיט אַ שעפּס צוזאַמען“ —
טרייסטן מיך די הייליק־אַלטע ביבל־ווערטער . . .
נביא, ניין! פאַרפוילט געוואָרן איז דיין זאָמען,
שפּייזנדיק מיט האַס זיך, אומרעכט, גיפט און מאַרטער!

אויף דער ערד אַראָפּ קום, אום זאָלסט „שבעה“ זיצן
נאָך דיין טרוים וואָס איז פאַרוועלקט און אויסגעגאַנגען . . .
נישט אַ „וואָלף“ נאָר קיינמאָל וואָלט די „שעפּס“ באַשיצן —
שעפּס מיט שעפּס, ווי מענטש מיט מענטש זיך וועלפיש
ראַנגלען! . . .

קום אַראָפּ, אוי, נביא! — זע, ווי ס׳פליסן ימ׳ען
בלוט און פייער. דאַן פּרוב אויסצושרייען מונטער:
„און אַ וואָלף וועט וואוינען מיט אַ שעפּס צוזאַמען!“ —
נביא לייג נישט, נביא! נביא, איך גיי אונטער! . . .

## צו דער מוטער ערד

### 1

געווען אַ צייט. — דער זייער האָט מיט זאַמען
דיין מוטער-לייב באַפּרוכפּערט אַזוי מילד,
באַלעבט מיט יוגנט-ליבע-פאַרב דיין בילד,
באַצירט דיין ברוסט מיט צאַרטע פרילינגס-בלומען.

נאָכדעם האָט ער, דער זייהער, דיר געהייסן:
„באַוועג דיין קראַפט, צופּלים דיין זאַפט און שפּייז
אַ יעדעם קערענדעל, וואָס לעכצט אין שוים
באַ דיר נאָך לעבן און נאָך בלוט נאָך הייסן!"

איך האָב געשפּראָצט מיט ברידער פיל צוזאַמען,
איך האָב געבליט מיט שוועסטער פיל באַנאַנד;
פון סודות-טראַכט צום אויבערפלאַך-געזיכט

געיאָגט ווערנד דורך שטורמדיקע ים'ען,
דערהויבן — דורך איר צויבערלאַכער האַנט,
זיך באַדנדיק אין זיין-פרייד, גליק און ליכט . . . .

2

איצט קומט אַ צייט, — שניט־צייט פאַר גייסטער שלעכטע,
און מעסערס בלישטשען, ס׳רוישט דעם טויט׳ס געווער,
ס׳פאַלן גאַרבן־לעבנס פון דער שווערד,
און ס׳קאָכט און זידט דאָס בלוט פון די פאַרשוועכטע . . .
דו הערסט ווי „רוחות“ אין די שופרות בלאָזן? —
„ערד־ערד! פרעס אויף שלינג איין דיין שאַפונגס־פרוכט!
פאַרדאַרב די זאָמען פון דיין קינדער־פרוכט!
ערד־ערד! ווער פוסט און טויט און וויסט־פאַרלאָזן!“ . .

אָ, מאַמע־ערד! הער, ס׳רופט צו דיר אַ קרבן:
„מיין אומשולד־בלוט און לעבן שלינג נישט איין
לאָז קאָכן עס און זידן און טויט־שעלטן, —

ביז וואָן די ווילדע ערד־גייסטער פאַרדארבן
ביז איינעם זאָלן ווערן! שלינג נישט איין
מיין בלוט, זאָל ס׳שרייען איבער אַלע וועלטן! . .“

## אויף די בוידעמער . . .

אויף די בוידעמער, אין קעלערס,
וואו אַ לאָך און וואו אַ חורבה,
צווישן שפּינעץ, מייז און שטשורעס,
רוט מיין אומרו-רוח —
מיין איך . . .
דאָרטן רוען זין און טעכטער
פון מיין פאָלק דעם אויסדערוויילטן,
אויף די בוידעמער, אין קעלערס,
פאַרפלען זיך אין מיסט —
פאַרוויסט . . .
אויף די וועגן, וויסטע פעלדער,
וואו אַ זומפּ און וואו אַ קבר,
צווישן פּגרים, טויט-שרעק, וואַנזין,
בלאָנדזשעט אום אָן טאָלק —
מיין פאָלק . . .
דאָרט זיך דרוקן נייע, גאָלד'נע
בלעטער פון זיין בלוט-געשיכטע,
ער איז פאַר יעדנס זינד אַ קרבן,
און ער טרוימט און גלויבט .
און לעבט . . .
אויף די בוידעמער, אין קעלערס,
אין די לעבעדיקע גריבער,
וואו נאָר לעבעדיקע מתים
קריכן עלנט אום —
טויט-שטום;

וואו פֿאַרשטיקטע ווייען זיפֿצן,
וואו פֿול שרעק די הערצער קלאַפּן,
ציינער ברעכן זיך פֿון קריצן,
אויגן לעשן זיך פֿון חושך,
און פֿאַרשטויבט די פֿאַרמעט־לעפֿצן —
אויף די בוידעמער, אין קעלערם
וועבט זיך, שטויבט זיך אויך אַ ליד:
מיין ליד! . . .

# 74 משה באַרטאַן

## אויפן ים

טראָגט, איר וועלן, מיין קליין שיפל,
יאָגט עס, טרייבט געשווינט!
איך אַ היימאַטסלאָזער פירכט נישט
פאַר אַ שטורעם-ווינט! —
ווייטער, ווייטער פון די ברעגעס
פון מיין אַלטער היים,
וואו מיט שוויים און בלוט געקנאָטן
האָב איך פרעמדע ליים . . .
וואו מיין יוגנט איז פאַרגאַנגען
אָן אַנ׳האָפנונגס-שיין,
וואו פיל וואונדן האָט פאַרשאָפן
מיר דער קאַמף פאַרן זיין . . .
וואו פאַרפאָלגט האָט אומרעכט גרויזאַם
מיך אויף יעדן טריט,
וואו בלויז אומגליק, ליידן האָבן
לייב און זעל געבריט . . .
וואו אַ יעדער שוואַן מיך מאַכן
פלעגט צו שפּאָט און שאַנד,
וואו אינם שאַנד-וואָגן געשפּאַנט האָט
מיך די פרעכע האַנט . . .
וואו די היימאַט איז ווילד-ברוטאַליש,
יאָגט פון זיך איר קינד — — — —
טראָגט זשע, כוואַליעס, איר מיין שיפל,
יאָגט עס, טרייבט געשווינט. —
איך אַ היימאַטסלאָזער פורכט נישט

פאַר אַ שטורמווינט! . . .
פרעגט מיך נישט, וואוהין כ׳פאַרלאַנג, —
יאָגט, טראָגט וואוהין איר ווילט;
כ׳האָב קיין אָרט אויף דער יבשה —
ים, זיי דו זשע מילד! . . .
הילך און שאַל מיט אימפעט, שטורם,
שפּריץ מיך, מונטער אויף! —
וואַרף אין אפּגרונט פון דיין שוים מיך,
הויב מיך ווידער אויף! —
אפשר וועט מיין זעל ערוואַכן
אין דיין שטורמווינט;
אפשר וועט מיין האַרץ פאַרגעסן
אן זיין טיפסטער וואונד . . .

## אַ געבעט צום נייעם יאָר

רבונו של עולם! צי ביזטו, כביכול,
אַ מענטש מיט אַ שוואַכן זכרון?
צי האָסטו פאַרגעסן דיין צוזאָג, אַז אייביק
וועט מער שוין קיין מבול ניט זיין?
פאַרוואָס זשע פאַרפלייצט איז מיט בלוט און מיט פייער
דיין אָרימעס וועלטל געוואָרן,
און „קשת“, דיין אייביקער בונד-צייכן, שפּאָט גאָר
פון אונז מיט פילפאַרביקער שיין? . . .

פאַרוואָסזשע דערלאָזטו, אַז פעלקער מיט פעלקער
אין שרעקלאַכסטן האַס זאָלן שטרייטן
און אַלעס פאַרניכטן, וואָס טויזנטער דורות
מיט מי האָבן ערלאַך געבויט? . . .
און ברודער פון ברודער די הויט גאָר צעשונדן
פאַרטיליקן איינער דעם צווייטן,
פאַרבלוטיקן אַלעס וואָס הייליק און שיין איז,
פאַרשפּריצן דעם הימל מיט קויט? . . .

צי אפשר, רבונו של עולם, ביזטו גאָר
פאַרנומען מיט אַנדערע וועלטן,
און דאָ, אויף דער ערד, הערשט-געוועלטיקט דער שטן
מיט פינסטערן צאָרן, ווילדער מאַכט,
פאַרפינסטערנדיק אַלעמענס מוחות מיט שנאה
פאַרגליווערנדיק הערצער מיט קעלטן,
מיט עלנט, שרעק, אומגליק און פּיין... און די מענשהייט
זיך טרינקט, זינקט אין תהום פון זיין נאַכט? . . .

רבונו של עולם! הער צו זיך צום טרויערן,
געבעט פון אַ קלייניקן וואָרים;
קוק אַראָפּ פון דיין געטלאַכער הויך אויף דער ערד.
דער פאַראומגליקסטער בלוטיקער ערד,
זע, דעם פלייצנדן מבול פון פייער און בלוט,
און פאַרשטיין גיב, פאַרענטפער מיר, — וואָרים
ווירקט דיין „קשת“, דיין געטלאַכער צייכן נישט מער,
און דאָס לעבן קומט אום פון דער שווערד? . . .

רבונו של עולם! ערלייכטער מיין זעל מיט אַ טרייסט,
אַז אויף אייביק פאַרשווינדן
וועט דער גרויזאַמער מבול! די ליבע — דיין
בונד-צייכן אין הימל ניט שיינען זאָל מער:
נישט אַלע די שטערבלאַכע זעען דעם הימל . . .
אין הארצן, אין האַרצן באַ יעדן
זאָל לויכטן און פינקלען דיין פאַרביקער בויגן, —
דאַן מוז דאָך פאַרשווינדן ס׳געווער! —

דאַן וואָלט אויך נישט זיין מער קיין פיינטשאַפט
און קנאה, קיין אומרעכט באַ פעלקער און ברידער,
און יעדעם באַשעפעניש פריי וואָלט געלעבט
און געווידמעט זיין לעבן דיר, גאָט! —
רבונו של עולם, פאַרנעם מיין געבעט!
הויך אַריין אין מיין זעל, מיינע גלידער
אַ האָפנונג, אַ טרייסט, אַז דו דאַרפסט נישט
מיין קרבן, — דו ביזט אָן קרבנות אויך זאַט! . .

## „איוב׳ס חדר"

פריינט ! דעם ריכטיקסטן סך־הכל
פון דיין לעבן אונטערשטרייכן
קאָנסטו נאָר בײַ מיר אין תפיסה,
וואו איך בין געבונדן ;

אויף דער פריי ביזטו אַ ווינט־קינד,
פוסט, לייכטזיניק, ווייסט קיין חשבון,
ווילסטו חכמה, לעבנסוויסן —
אין קערקער רײַס די וואונדן . . .

ווילסטו טיף דערגרונטן דײַנע
אייגנשאַפטן, מעגלאַכקייטן,
ווילסטו אינערליכע פרײַהייט —
קום צו מיר אין ענגשאַפט ;

אויף דער דרויסן־פריי ז׳דיין האַרץ
געפּאַנגען ווי אַ פליג אין שפּינוועבס,
אין דער פרעמד־שיין איז דיין זעל דאָך
פינסטער, קליין, פול בענקשאַפט . . .

קום אין קערקער ווער ענטוישט איז
אין דעם לעבן, ליבע, פריינטשאַפט,
ס׳וואַרטן פריינט אויף דיר די טרייסטע :
עלנט, איינזאַמקייט און ליידן . . .

ווּעסט דאָ נאָכאַמאָל געבאָרן
ווערן גייסטיק-רייכער, העכער,
רעהן געלייטערט פון די פסולת
אוּן גאָטס וועג מער נישט פאַרמיידן ! . . .

— — — — — — — — — — — —

אָ, די גרעסטע וואונדער שאַפן
זיך אין איוב׳ס איינזאַם חדר :
גאָט אַליין איז דאָרט דער שמיד — ער
גליט, צעלאָזט, צעשמידט אַ יעדער
זעל פאַראירטע אין זיין פייער,
שלאָגט זי, פאָרמט מיט זיין האַמער,
ביז זי ווערט אַ גייסט אַ פרייער,
אַ שטערן אין זיין שאַפונגס-קאַמער ! . . .

## 80 משה באַרטאַן,

# עלעגיע

גענבוירן בין איך מיט פיל גליק-מעגלאַכקייטן,
אַרויסרופן האָט זיי נישט קיינער
פון יוגנט אָן ווייס איך בלויז שטערונגען, קייטן
שטאָט-בלומען — בלויז דערנער און שטיינער.

מיין פרילינג אָן פלאַנצונג, אָן וואוקס איז פאַרגאַנגען,
מיין זומער אָן זון איז פאַריבער;
שוין שניט-צייט, דאָך שטייט נאָך מיין פעלד לער אָן
זאַנגען,
דאָס פרעמדע שניט זע איך אַ טריבער.

פאַרבענקט און פול צער גיי אום איך אין סעדער
אין פרעמדע וואו צייטיק שוין פרוכטן,
וואו אַרבייט — און רו-לידער הערשן דאָרט כסדר . . .
נאָר מיין ליד ווייסט איינס: ווי צו פלוכן! . . .

דאַן לויף איך צום מדבר פון עלנט און שמאַרצן
פאַרריקט און מיט קריצנדע ציינער;
און אויף מיין וויסטעם פאַרוואָלגטעם האַרצן
ווילד שטורמט אַן האָגל פון שטיינער . . .

דאָס זיינען די ליידן פון אייביקער אומה,
אין מיר אייביק ברענען זיי, ברומען . . .
מיין פאָלק! מיר באַשערט איז צו טראָגן אין נשמה
די שטיינער, נאָר נישט דיינע בלומען! . . .

## וואו וועסטו באַהאַלטן זיך, מענטש ? . . .

און וואו וועסטו באַהאַלטן זיך, מענטש,
פאַר דיין אייגענעם צאָרן,
ווען דאָס „בית־דין של מעלה" — דיין זעל,
„צום געריכט!" וועט דיר שאַלן אין האָרן ? —

וואוהין וועסטו אַנטלויפן דאַן, מענטש,
פאַר דיין אייגן געוויסן,
וואָס דו ווילד האָסט פאַרגוואַלטיקט, געשענדט
און דעם יושר׳ס געזעצן צעריסן ? —

און ווי וועסטו פאַרענטפערן, מענטש,
פאַר דעם קומענדן מאָרגן .
דיינע שענדלאַכע „נעכטן" און „היינט", —
מענטש ! וואו וועסטו פון שאַנד זיך פאַרבאָרגן ? . .

## אָ, איך ווייס און גלויב . . .

אָ, איך ווייס דען כ׳גלויב, אַז סוף כל סוף
וועט פאָרט די ליבע זיגן,
און אַז קלינגען וועט אין יעדנס האַרץ
פול לעבנספרייד אַ נגון!

אָ, איך גלויב דען כ׳ווייס, אַז אייביק קאָן
דאָס פינסטערניש נישט דויערן,
און אַז פאַלן מוזן דאָך אַמאָל
פון האַס־כשוף די מויערן!

מקוים ווערן וועט דעם נביא׳ס וואָרט,
גאָטס אמת — ס׳לעבן — ט׳זיגן;
אָ, איך האָף און גלויב, כאָטש אוים מיר שפּאָט
דער שטן: „נאַר! ס׳אַ ליגן! . . .“

## אַן אויפרוף

צו אייך, מיינע ברידער און שוועסטער
פון יענער זייט ים, טו זיך ווענדן,
און שטרעק אייך די הענט מיט געבעט אויס,
און אַבהענטיק פאַדער איך, שריי:
צו אייך, נעמט דעם „שארית-הפליטה“
פונם שלאַנגנלאַנד! שנעל העלפט! — מיר האָבן
געלעבט דאָ אין אומגליק און קנעכטשאַפט, —
כאָטש שטאַרבן ביי אייך אויף דער פריי!..

צונויפקלייבט די קינדער-יתומים, —
די וועלקנדע, צאַרט-יונגע צווייגלאַך,
וואָס זיינען אַזוי ווילד, ברוטאַליש
פאַרשניטן געוואָרן פון שטאָם... —
פאַרזאַמט נישט! זייט וויסן, געדענקט, אַז
אַ יעטווידער טאָג ז'אַ ניי אומגליק,
אַ יעטווידער שעה — אַ קרבן,
און יעטווידער רגע — טויט-סם!..

## אַ „קרבן" באַוויינט מען . . .

אַ „קרבן" באַוויינט מען מיט הילפלאָזע טרערן,
דעם פאַלנדן העלד שטעלץ באַזינגט־שאַלט אַ לויב;
מיין פאָלק! דיינע שענדלאַך־פאַרשוועכטע קרבנות
בלויז ציען מיך, אבל, צום שטרוי־זאַק מיט שטויב . . .

דאָך ברענט אין מיין זעל דער פאַרשעמטער אַ צאָרן:
פאַרוואָס האָט מיין פאָלק נישט קיין אייגענעם שטיין,
קיין אייגענעם באָדן, קיין ווינקל, קיין דאָרן,
וואו יעדער, — שטאָט „קרבן", — אַ „העלד" וואָלט געווען ?!

## דיר, מיין איינזאַמער . . .

— — — — — — — — — — — — — — — —

דיר, מיין איינזאַמער, ליידנדער ברודער,
גיב מיין האַנט איך, מיין האַרץ, מיינע לידער! —
זאָלן אימער מיר קעמפן אינאיינעם:
צוויי זיינען דאָך שטאַרקער פאַר איינעם;
זאָל מיין ליבע דערוועקן, באַהעפטן
דיינע אַלטע, באַהאַלטענע קרעפטן;
זאָל מיין ליד מוט און טרייסטונג דיר געבן
ווען עס וועט דיך פאַרפאַלגן דאָס לעבן;
זאָל איך זינגען דיר נישט פון דער ראַכע,
נאָר פון הייליקן בונד פון די שוואַכע! . . .

— — — — — — — — — — — — — — —

בלעטער פאַרווישטע, פאַרפלעקטע,
אין חורבה׳שע ווינקלען צעוואָרפן — צעפליקטע,
יזכור פון להבה׳דיק לאַווישן עבר,
פון וועזנס פאַרברענטע, כּאָטיש צעדריקטע . . .

בלעטער, — אַ קינדערשער אָפּקלאַנג
פון יוגנט און ליבע קיינמאָל נישט צעבליטע,
פון פיינלאַכן גריבלען אין תהום פון „פאַרוואָס׳ן“,
פולסירנדער אומרו פון הערצער פאַרווירטע . . .

בלעטער, — אַלט פּעקעלע „שמות“, —
אייך קלייבט אויף דער איינזאַמער בעטלער, ווי זאַנגען
אויף טרוק׳נע, פאַר׳שרפה׳טע פעלדער, צו זיך אין
דער טאָרבע פון אָפּפאַל... דאָרט בלייבט איר געפאַנגען...
אַ „תקון“ אייך געבן צי קאָן ער, צי וועט ער,
פלעקפולע, ליידפולע בלעטער ?...

## 88 = משה באַרטאַן

### דעם טרוימער.

1.

... גיי אַרויס פון דיין איינגן, איינזאַמען צימער:
שריי אין גאַס אַריין און וואַרף דער מאַסע אין בלאַטיקן
פּנים:
„איך בין אַ שלעפּער, איך בין אַ טרוימער! —
איך האַס און ליב אייערע שמוציקע לאַקנדע רויטע
לאַמטערנעס,
אייערע זודיק-פּיבערישע זומפּן! —
איך האַס אייך, ווייל איר צווינגט מיך —
דאָס אומווירדיקע, דאָס קליינלאַכע ליב צו האָבן,
און איך ליב אייך, ווייל —
ווייל איר זייט געהאַסט!...

2.

...און אומגליקלאַך ביזטו, דו טרוימער,
דען ביזט איינזאַם, עלנד,
דען האָסט דיין זעל, דיין לעבנס-וועלט
צעביטן און צעברעקלט אויף וועלטלאַך א סך...

און דאָך ביזטו אויך גליקלאַך:
ווען איין וועלטל גייט דיר אונטער,
פלינק ווערט עס מגולגל אין אַ צווייטן
מיט זיין שטרייטן, פאַלן, און מיט זיין וויין און לאַך...

## דער אומבאַקאַנטער.

אין די פאַרוואָרפנסטע ווינקלען אויף דר׳ערד,
דאָרט וואו די נויט שטרעקט אוים יעדן די האַנט.
בלאָנדזשעט אַ מענטש־שאָטן איינזאַם און שטום,
אַלעמען איז ער ווילד־פרעמד, אומבאַקאַנט.

קיינער ניט ווייס פון זיין לעבן, געבורט,
קיינער האָט אים ניט אין פנים געזען,
ס׳ווייס נאָר דער טאָג וואו זיין שאָטן שוועבט אום,
ס׳הערט נאָר די נאַכט ווי ער קריצט מיט די ציין.

— פריינט מיינע, ווייסט איר ווער ס׳איז וואָס ער טוט?
— אַ נאַכט־וועכטער שטומער דער וועלט׳ס! ווען אין נאַכט
אין הימל די שטערן־ליכט לעשן זיך אוים —
צינט ער אָן זיין ליכט און גייט אויף דער וואַכט.

זעט ער וואו ס׳לאַקערט דער טויט, ביי וועמ׳ס טיר,
פילט ער וואו הונגער נאָגט, שטשירעט די ציין,
ווייס ער דעם עלנדנס קראַנקנס געבעט
הערט ער דעם ליידנדענס שטילעס געוויין. —
אָט ווער ס׳וואָלט קענען דערציילן אייך, פריינט,
אַלעס וואָס איז, וואָס געווען און וועט זיין —
בלאָנדזשעט אום אייביק: בייטאָג אומבאַקאַנט,
מען מערקט אויך ביינאַכט ניט זיין רופנדע שיין...

## ניי-יאר געדאנקען.

אלעס, אלעס ווידערהאלט זיך ; יעטווידער דערשיינונג
נעם ארום, מיין פריינט, מיט דיין באוואוסטזיין און
באטראכט : —
אויף-און אונטערגאנג דער זון׳ס זיך ווידערהאלט פון אייביק,
תמיד ווידערהאלט און בייט זיך, — ס׳יאר, דער טאג און
נאכט.

צייטן, דורות וואס פארשוואונדן — בייטן זיך מיט נייע,
נור די נייע ביי די אלטע ירש׳ען גיפט-געטראנק
פון בלוטדורשטיקייט, ברוטאלע אומרעכט, ברידערשלאכטן...
עס ווידערהאלט זיך אויך מיין לייד, איר ליבע, דיין געדאנק.

אלעס, אלעס ווידערהאלט זיך. אויך דער טויט און לעבן
בייטן אייביק זיך, באנייען מיט דער זעלבער קראפט
דאס וואס שפראצט, בליט, וועלקט און שטארבט, ווי ס׳פירט
זיך שוין פון אורשפרונג,
שקר ווידערהאלט דעם אמת, אמת — שקר שאפט...
אט וואס נור נישט ווידערהאלט זיך: פאר מיר זעלבסט —
מיין לעבן,
פאר איר עלטער בליען וועט שוין מער נישט יוגנט-פרייד,
דיר אליין, מיין פריינט, וועט מער דער „היינט״ זיך נישט
אומקערן,
און פאר מיר אליין — דער „נעכטן״ מיט זיין ליבע-לייד...

עס ווידערהאַלט דאָס נייע יאָר זיך מיט די אַלטע זאָרגן,
נור פאַר מיר נישט אומקערן וועט זיך וואָס היינט אָפּפליט...
קלער איך, ווייל איך טרעפן, — צי באַנייען ט'מיך דער
„מאָרגן",
און צי קלינגען וועט אויפסניי מיר ס'אַלטע ליבע-ליד?...

## צום לעבן

דו זאָגסט: „נישט וויין,
ווען דו בלייבסט איינזאַם און אַליין,
ווען כ'שליידער אומגערן אין דיר מיין צופאַל-שטיין.
זיי שטאַרק, נישט קלאָג,
ווען ס'ציט די אָדערן מיין פּלאָג,
ווען ס'גייט פאַרביי דיר פרעמד דאָס גליק פון זונענטאָג.
נישט פרעג און טראַכט,
פאַרוואָס ביי דיר איז אימער נאַכט,
פאַרוואָס דו גרויזאַם ווערסט פון מיר פאַרפאָלגט, נישט
שמאַכט.
מענטש, פאָלג און האָף,
אַז קומען מוז אַמאָל אַ סוף
צו אַלע לעבנסליידן, — גלויב און האָף!"...
אָ, לעבן מיינס! דו האַלטסט מיך אין איין נאַרן נאַרן דיין
אָרמען זינגער,
און איך דיר גלויב דיין זיסן האָפנונגס-ליגן...
אַזוי טוט ווער אַ הונגעריק יתום-קינד פאַרוויגן,
אום שטופנדיק אין מיילכל — אַנשטאָט ברוסט — אַ דאַרן,
א הארטן פינגער!...

## פאַנטאַזיע

אין הימלבלוי, וואו סלויכטן וועלטן־שטערן,
וואו מיין פונק־געדאַנק אויך שעמירירט. פלינק שוועבט:
אין דעם לאַזור־ים וואָס באַצויבערט ס׳אויג מיינס,
וואו מיין זעל פון שטראַלנצייג אַ קרוין זיך וועבט, —
דאָרט בלאַנדזש איך אום אַ ציטריק בלייכער שאָטן,
צווישן שיין אומענדלאַכקייט וואָס אייביק לעבט.
און איינזאַם, פול אין שרעק־דראַנג דאָך ערהאבען
צום אונשטערבלאַכקייט מיין גייסט אַ ערד־בליץ שטרעבט

נאָר מיט אַמאָל דערזען האָב זיך הויל, נאַקעט
און דורכזיכטיק ווי אַ טרער פון כוואַליעס שיין
וואָס העל באַלויכטן די געהיימסטע קאַמער,
שפּאַלטן פון מיין זעל . . . און מיט אַמאָל אין מיין
שוואָך, ערדיש ווען איז אַנטבלויזט געוואָרן
אַ גיהנם זינד־מיקראָבן, פאַלשן שיין
פון ערד־שערבלאַך, וואָס אייגנטימליך איז דעם
שטערבלאַך־אָפּגעגרעניצטן אין דעם קאָסמאָס־זיין . . .

האָב איך דערפילט, ווי מוטנע כוואַליעס בושה
האָבן סהאַרץ פאַרפלייצט. ווי שוואַרצע שרעק און שאַנד
מיין הייסן דרייסטן גייסט, פאַרגליווערט האָבן
און ער מוטלאָז, ציטריק שרומפּט זיך איין ביים וואנט
פון אומבאַוועגלאַכער אומוויסנהייט . . . נור
מיין געדאַנק פאַרלירט זיך נישט פון צווייפל־בראַנד,
און עלנט שוועבט ער מיט זיין טריבן ווײ, אַ
שטערבלאַכער מיט דער אומשטערבלאַכקייט ביינאַנד...

איין בליצנבליק — איך פיל שוין ווידער גאָר די
ווענטנפרייד און לעבנספּולס פון אייביקייט;
מיך לויכט אַדורך די ליכט־ים'ען און גליק־שיין
וואָס באַגיסן, פליסן אין דער וועלטנקייט
פון רוים, וואָס האָט קיין אָנהויב און קיין סוף ניט,
ווי דער גאָט־געדאַנק וואָס אייביק שאַפט און טייט...
דערשרעק איך מיך פאַרן טויט — בליצט גאָטס געדאַנק מיר:
„טויט איז נאָר אַ שאַפונגספאָרם פון אייביקייט!" . . .

און דאַן נאָך דרייסטער אונטערשטייט מיין גייסט, זיך
הויבט און שטרעבט צו זיין באַרוף און צויבער־שטערן...
ווען ער דערגרייכן וואָלט דאָס ציל, באַזיגנד
די ליידנשאַפטן־וואָג, דעם חומר ערדיש שווערן, —
דאַן וואָלט אים אייביקייט באַרירן מיט די פליגל.
און מיין קליינעס „איך" וואָלט אויך אומשטערבלאַך ווערן,
און זיך איינגעוועבט, געשוועבט, געבליצט אין הימל,
אין הימל־בלוי, וואו ס'פינקלען וועלטן־שטערן . . .

# 94 — משה באַרטאַן

## ים-תהום

מיין פריינד, דורכמעסטן פרואוו פונם ים די טיפסטע טיף,
דאַן וועסטו אויך די טיפקייט וויסן פון מיין טריבן שמאַרץ,
וואָס זויפט און דריקט און ברענט מיין וועזן, זעל און האַרץ...

אין אָפגרונט פון פאַרצווייפלונג זינקט מיין האָפנונגס-טרוי-
מען שיף,
אין תהום פון מענטשנהאַס — מיין אידעאַלן שיף
פון גלויבן, ליבע, ברודערשאַפט און פרידנפרייד . . .
אָ, גרויזאַם, ברענענד איז דער וועלטשמאַרץ, מענטשנלייד!

אַזוי גייט הילפלאָז אָפּענדיק צום גרונט די שטאַרקסטע שיף
וואָס האָט אין קאַמף פאַרלאָרן שוין דעם לעצטן רודער,
זעגל, מאַסטבוים און לייכטטורם,
און קאָן מער נישט ווערן זיך, נישט שטרייטן מיט דעם
שטורם. .

מיין פריינד, דורכציילן פרוב אין הימל גאָר די שטערן,
דאַן אויך וויסן וועסטו ווי נאַאיוו איז דאָס ערקלערן
און דערציילן פון די ליידן, ווייען, שלעג, וואָס אָן אַ צאָל
פאַרוואונדן, ברענען די געהירן, פרעסן, פרעסן ס'האַרץ און
זעל!...
דען ווי דער ים-תהום, ווי די שטערן געגליכן זיינען האַרץ
און זעל!..
מיר ווייסן נישט דעם ים און שטערן גרינדלאַך נישט — דאָס
האַרץ און זעל!...

מיין פריינט, ווען אין געהיימניספולן הימל צינדט זיך אָן אַ
שטערן בלייך,
שטום רופט, מיר ווינקט אַזוי געמיטלאַך, גלעט מיין אויג
אַזוי צאַרט, — ווייך, —
פיל איך פארלעגענהייט . . . דען ווי דיך פריינט, אויך ווייס
איך נישט דעם שטערן,
ווי כ׳פּאַרשטיי נישט טויט און לעבן, ווי מיין זעל איז
פאַר מיר זעלבסט אַ סוד...
אַ סוד בין איך, אַ סוד ביזטו, מיר זיינען פאדים-טהייל
פון סודות-קנויל וואָס רופט זיך: גאָט. —

אַ גאַנצעם נאָר, אַ גאָט, — זעט, ווייסט דעם גאַנצן סוד !...

## 96 משה בּאַרטאַן

### צוריק מיט אַ רגע . . .

צוריק מיט אַ רגע בין איך געווען גליקלאַך:
די זון האָט געלויכטן, די ליבע — געוואַרימט;
איצט טוקן זיי זיך אין די וואָלקנס . . . פאַרגליווערט
האָט מיך מיין גרוים אומגליק און טויט־שרעק מיך אַרמט.

און עלנד־באַטריבט בלאָנדזש איך אום אין דער פינסטער,
אַ קעלט דרינגט אַדורך מיינע ביינער;
צי וועט נאָך מיין זון ווען ס'איז אויפגיין, העל־שיינען? —
ענטפערט מיר, טויט־שטומע שטיינער!...

* * *

ניין פריינט, כ'בין נישט אַ מעלאַנכאָליקער,
פאַר ווען ס'שיינט די זון אויך קאַרג און שוואַרץ;
איך קאָן צופרידן־גליקלאַך זיין, וויבאַלד
עס אָטעמט לייכט און פריי מיין האַרץ.

מיין זון און פרייהייט זיינען צוגערויבט,
איך זע גאָטס וועלט דורך שפּאַרעס פון אַ ברעט...
כ'וואָלט אויך אַ בעלן פריילאַך זיין אַמאָל,
נאָר ווי אויף להכעיס גיבט קיין פרייד . . .

## דאָס ליד פון אַ געפאַנגענעם

קינד, צי ווייסטו וואָס ווערט פון דעם צווייגעלע, רויז,
ווען עס רייסט אָפּ אַ ווינט זיי פון בוימעלעם שוים? —
שטורמיש יאָגט, דרייט און טראָגט זיי דער ווינט מיט זיין
צאָרן,
ביז זיי פאַלן אין אָנמאַכט אויף שטעכיקן דאָרן;
און צעוואונדעטע שמאַכטן נאָך זאַפט אַזוי איינזאַם,
און פאַר׳יתומ׳טע וויאַנען און דאַרן זיי לאַנגזאַם.

אויך אַזוי האָט מיט מיר מיט מיין לעבן פּאַסירט:
ס׳האָט דער צופאַל מיין האַרץ צווישן דערנער פאַרפירט.
וואו איך קאָרטשע פון ווי זיך, פון עלנט און שרעק,
וואָס מיין לעבן אָן נוצן, אָן ציל גייט אַוועק . . .

קינד, צי ווייסטו אויך וואָס מיט דעם שמעטערלינק ווערט,
ווען ער לייכטזיניק שוועבט אַרום ליכט אומגעשטערט
און אַלץ נאָענטער זיך ציט ווי פאַר׳כשופט צום פלאַם?
אָ, ער ווערט דאָך פאַרברענט אין פאַרכאַפנדן פלאַם!

אויך אַזוי האָט מיין פרייהייט, מיין איינציקס גליק,
זיך געצויגן צום לעבנספלאַם איין אויגנבליק
און אויפן לעבן-מזבח די פליגלען פאַרברענט . . .
בין איך אָרים און שוואַך, שטרעק נאָך הילף איך די הענט.

קינד, צי ווייסטו, צי פילסטו וואָס ברענט אינם אויג,
ביים געפּענטעטען פויגל אין אייזערנעם שטייג,
וואָס ער פילט דער געפאַנגענער און וואָס אים דריקט?
אפשר ליידט ער פון דעם וואָס זיין פיינט האָט געזיגט. —

קוק אַריין זשע צו מיר אין די אויגן און זע
ווי דאָרט גליט טיף באַהאַלטן פאַר יעדן מיין וויי...
יאָ, איך לייד וואָס אַ פיינט האָט מיין פרייהייט באַזיגט.
און נאָך מער, — וואָס איך זעלבסט האָבמיינגלויבן
דערשטיקט...
אָ, ווי וואָלט איך איצט וועלן טיף גלויבן מיין קראַפט,
אַז ניט אייביק וועל איך צו דער שטייג זיין פאַרשקלאַפט,
אַז מיין גייסט איז פיל שטאַרקער פון צופאַל-געוואַלט,
אַז וועל קומענדן פרילינג שוין זינגען אין וואַלד... .

## דעמערונג

. . . קינד, דו זעסט, ווי העל עס פלאַקערט,
ברענט דער מערב און מיט פורפור-גאָלד
באַגיסט ער אַלץ אַרום אונז ? —
ס'איז נאָר וואָס די זון פאַרגאַנגען.
אויך אַזוי מיין האַרץ פלאַם-פייערט,
טוקט זיך אין די לעצטע שטראַלן
פון מיין גאָלד'נער זונעניוגנט,
וואָס איז ערשט ניט לאַנג פאַרגאַנגען . . .
קינד, דו זעסט, ווי לאַנגזאַם צינדן
זיך אין הימל נשמות-שטערן,
וועלכע סוד'ען זיך ווי אויגן
פון פאַרליבטע שטומע קינדער ? —
אויך אַזוי זיך לאַנגזאַם צינדן
אין מיין האַרצן ליכט-זכרונות,
און זיך סודען שטום אָן קלאַנגען,
און דערציילן פיל אָן ווערטער . . .
אויב דו הערסט פון קלאַנג די שטילקייט
און דו ווייסט דעם סוד פון ווערטער —
וועסטו הערן, ויסן, וועגן וואָס
זיך סודען די זכרונות . . .
זיץ זשע, קינד, פאַרטרוימט ווי תמיד
מיר צופוסנס און מיט דיינע
צאַרטע הענטלאַך מיינע קניען
נעם אַרום און קוק צו מיר מיט
דיינע גליהענדע צוויי שטערן —

טרוימיש שטראַלנדיקע אויגן —
גליך אין מיינע פייכטע אויגן, —
כוועל דיר מעשהלאַך דערציילן,
נשמה־זעהונגען פאַרטרויען . . .

## מיין ליבּער . . .

— מיין ליבער, וואָס שטראַלן אַזוי דיר די אויגן ? —
— אַ פויגל איז ערשט איבער מיר דורכגעפלויגן
און האָט אין זיין שנאָבל געטראָגן אַ פעדער,
צו זיך אין דער נעסט אין דער נייער אַ פעדער,
דער ליבסטערס געלעגער דאָרט ווייכער צו מאַכן . . .
איך הער שוין דאָס ליד, וואָס ביי אים וועט ערוואַכן ! . . .

— מיין ליבער, וואָס ציטערן אַזוי דיר די ברעמען,
פאַרוואָס שוין, פאַרלאָשן אין ד'אויגן דאָס פייער ? —
— איך האָב זיך דערמאָנט אָן אַ פויגל, ביי וועמען
ניטאָ שוין די ליבסטע אין נעסט אין דער נייער . . .
און באַנג אַזוי, אומעטיק איז אים דעם שוואַכן, —
איך הער שוין דאָס ליד, וואָס ביי אים וועט ערוואַכן ! . . .

## פרילינג

— פאַר וואָס? צו־וואָס? וואָס איז דאָס אַלעס?״
אָט די אַלטע, טריבע שאלות,
שווערע וואָלקן און קאָשמאַרן פונם ווינטער, —
היינט, אַצינדערט
ווערן לייכט אַזוי צעגאַנגען,
אומפאַרענטפערטע צעגאַנגען,
אין דעם לויטער־טיפן הימל,
אין פריי־פויגלשע געזאַנגען . . .
אָט די רעטענישן, טרוימען
פון מיין נעכטן — זיך צעשוואומען,
נישט באַשיידטע זיך צעשוואומען,
און פאַרשוואונדן
אין די ווינטן,
פרילינג־ווינטן, וועלכע טראָגן
נייע חידות, נייע טרוימען . . .
אָ, איך בין ווי ניי געבאָרן!
דאָך מיין „עבר״ אָט דער אַלטער,
נישט פאַרלאָרן
איז געוואָרן, —
אין זכרון
לעבט ער, ליידט ער, פרייט זיך, קלאָגט זיך,
ווי אַ קינד און ווי אַן אַלטער . . .
און אַז כ׳וועל דיר זינגען, קינד
אַ פרילינגס־ליד — פאַרגיב מיין זינד:
עס וועט עס מוז אַ הייזעריקער הוסט זיך הערן

אין מיין לעבהאַפּטסטן און שענסטן קלאַנג;
און פילן וועסטו אויך דעם עבר'ס שטומען ווײ און טרערן
אין מיין הייסעסט יוגנדליד און פרייד-געזאַנג . . .
און אַז איך וועל פון ליבע-קלאַנגען
דיר אַ בלומענקראַנץ מיט פרייד דערלאַנגען,
וואָס איך אָנגעריסן האָב מיט גליק און זיסע ווייען
אין דעם בלומענגאָרטן פון צעבליטן האַרצן —
וועל איך בעטן קניענדיק דיך, קינד:
נישט וואַרף אַרויס
פון קראַנץ די אַלטע רויז,
וואָס איז פאַרוויאַנעט שוין און אָפּגעלעבט פון לאַנג;
לאָז שטיל אַ טרער, און דריק זי צאַרט צום שויס,
און דיר זאָל אויך ווי מיר אויף איר טאָן באַנג . . .

## פון מאָרים מעטערלינג

— און אויב דיין שאָץ וועט קומען,
איך זאָגן אים וואָס ברויך ? —
„זאָג, כ'האָב אויף אים פול בענקשאפט
געוואַרט ביזן לעצטן הויך."
— און אַז ער וועט מיך פרעגן
פון דיר גלייכגילטיק — פרעמד ? —
„אים ענטפער ווי איין ברודער, —
מיין לייד האָט אים פאַרברענט".
— און אַז „וואו ביזטו ?" פרעגן
וועט אויפגערעגט זיין שטים ? —
„מיין רינגל אים אַלס ענטפער,
דערלאַנג אָן ווערטער, שטום.
— און ווען ער וועט דערזען
דאָס צימער לער, אָן דיר ? —
זאָג, „ס'ליכט איז אויסגעלאָשן
און האָפן איז די טיר".
און אויב ער'ט וועלן וויסן
די לעצטע שטונדן דיינע ? —
„זאָג, כ'האָב געשמייכלט, זאָל ער
נישט וויינען, נשמה מיינע" . . .
— — — — — — — — — —

— צי זע איך דען דאָס וואָס איך זע נישט ?
מיין ליבסטע, איך זע דיך אין טרוים,
מיט יעטווידער נערוו פון מיין וועזן,

## 104 משה בארטאָן

מיט יעטווידער בלוטסטראָפּן הייסען
פאַרפולט מיט דיין שיין איז מיין רוים . . .
בלויז דו ביזט מיין וואָך און מיין טרוים ! . . .

צי וויל איך דען דאָס וואָס איך וויל נישט ? —
מיין טייערסטע, כ׳וויל און באַגער :
דיין ליבשאַפט, אינגאַנצן דיין לעבן,
דיין חלום און וואָך וויל איך וועבן
און שלינגען דיין ביטערסטע טרער . . .
אין האַרצן מיר פלאַמט אַ באַגער.

צי ווייס איך דען דאָס וואָס איך ווייס נישט ? —
מיין ליבסטע, איך ווייס נישט, וואוהין
פליט אָפּ אונזער יוגנט און עלטער,
און ס׳לעבן ווערט לאַנגזאַמער, קעלטער . . .
איך ווייס נישט, וואָס איז דער „אַהין"
וואָס שטופּט אונז, ווער רופט אונז, וואוהין ? . . .

צי מעג איך דען דאָס וואָס מען טאָר נישט ? —
מיין טייערסטע, כ׳טאָר נישט און מעג :
צעשמידן געדאַנקען אויף פיילן,
צעשמעלצן געפילן אויף שטראַלן
און שאַפן אַ רעטעניש-וועג . . .
אָ, ליבסטע, איך טאָר נישט און מעג ! . . .

## אַ פויגל איז געפלויגן . . .

צי ווייסטו, קינד, דאָס לידל —
„אַ פויגל איז געפלויגן
אין ווייטע צויבער־לענדער
ווי ס'פליט אַ פייל פון בויגן" ?

ניין ? טוליע זשע דיין קעפל
צו מיר און אָרם מיך פעסטער,
אַט וועל איך דיר דערציילן,
מיין שטילע, צאַרטע שוועסטער. —

אַ פויגל איז געפלויגן . . .
נו, וואָס איז פאַר אַ וואונדער ?
געזוכט האָט ער מסתמא
אַ נעסט פאַר זיינע קינדער . . .

געליטן האָט דער פויגל
פון מידקייט, דורשט און הונגער,
לייכט האָט ער אַלץ פאַרטראָגן —
געווען איז ער אַ יונגער ! . . .

און דרייסט האָט ער געטרוימט, אַז
זיין ציל מוז ער דערגרייכן,
דאָס גליק וועט ער געפינען
ווייט, אויף אַ באַרג אַ הויכן . . .

געוועז איז ער אַ יונגער ! —
נאָר אַט פליט אָן די עלטער,
די קרעפטן שוין פאַרלאָרן,
זיין האַרץ שוין שוואַכער, קעלטער . . .

דער טרוים-זיין ציל שוין גרויער,
דאָס יוגנטגליק צערונען . . .
דער באַרג ניטאָ דער הויכער,
דאָס נעסט נאָך נישט געפונען . . .

רירט דיך, קינד דאָס לידל
פון פויגל וואָס געפלויגן ?
ווילסט אפשר מ׳סוף נאָך וויסן ?
טיף קום זשע מיר אין ד׳אויגן . . .

אַ פויגל איז געפלויגן
אין ווייטע פרעמדע ערטער, —
זאָל דיר מיין זעל פאַרציילן
שטום, טרויעריק, אָן ווערטער . . .

דו וויינסט גאָר און דו פלאַטערסט ?
צו מיר זיך טוליע פעסטער!
שאַ, אַנדרע לידער וויים איך,
הער אוים, מיין צאַרטע שוועסטער. —

## ווייסטו קינד? . . .

ווייסטו, קינד וואָס פאַר אַ צורה
ס'האָט די נויט און פּיין? —
אין מיין טריב-פאַרזאָרגטע געזיכט
טיפער קוק זיך איין. —

ס'האָט אויף דעם אַן „אלף-בית"
אויסגעקריצט די צייט;
דו וועסט לערנען „מ'אלף-בית",
מעגסט ווי זיין פאַרשייט.

אויף דיין רונד, צאַרט-בליענד פּנים
וועט נאָך יעדער אות
בלייבן פיין-צייכנס, וואָס שטאַמען
פון דער נויט אַרויס . . .

זעסטו, קינד, ווי גרוי דער קאָפּ,
ווי בלייך-געקנייטשט די הויט? —
ס'איז אַ בלייך און פיינלאַך בילד
פון דער גרויער נויט . . .

## רועץ ווײל איך . . .

רועץ ווײל איך, פרײנט מײן לעבנס,
(הײסט עס דען — געלעבט?)
דרעמלען, טרוימען נ׳דײנע אָרמ׳ס,
(הײסט עס דען — געשטרעבט?)
כ׳גלוסט דײן זעל, אַמאָל — דײן קערפּער,
(הײסט עס דען — געהאָלדט?)
כ׳וויל שטיל לעבן, רואיק שטאַרבן,
(הײסט עס דען — געוואָלט?)
נאָר די וואַרהײט איז גאָר אַנדערש, —
(שרעקלאַך איז דער הײנט!)
נישט געלעבט און נישט געשטאָרבן . . .
(זאָג, וואָס הײסט עס, פרײנט?...)
— — — — — — — — — — — —
זאָל איך רועץ כאָטש און טרוימען,
אַז איך לעב און פיל,
ווי כ׳באַוועג מיך, שטרעב און שטרײט,
און זײן זאָל וואָס זיך וויל! . . .

## מיריאַדן . . .

מיריאַדן זונען, וועלטן אינם רוים אומענדלאַך טיפן . . .
קינד, מיין וועלט! קוק צו ווי פלינק געדאַנקען פליען פון מיין בויגן, —
כ׳וויל עס וויסן, יענע וועלטן שפיגלען אויך זיך איינם אין צווייטן
ווי דיין זעל זיך טוקט אין מיינע, ווי מיין ליבע — נ׳דיינע אויגן? . . .
כ׳וויל עס וויסן, — דאָרט איז אויך פאַראַן האַס, ליבע, אייפער, אומרעכט,
ווי אין דיין בלוט-הייסן הערצל? בייטן זיך דאָרט שטימונג-פאַרבן
ווי אין דיין בלוט-הייסעם הערצל? בייטן זיך דאָרט שטי-פאָרמלאָז?
און צי דאָרט פאַראַן איז לעבן און צי מוז אויך ס׳לעבן שטאַרבן?...
„איך", אַ שטויב פון שטויבנוועלטל וויל אַדורכגיין אַלע וועלטן
וויל דערגרייכן און דערקענען גאָר דעם אמת פון די שטערן,
שליידער איך מיין גאַנצעם לעבן אָן אַ צאָל געדאַנקען-פראַגעס, —
וויסן וואָלט איך גאָר דעם אמת, ווען זיי זאָלן זיך אומקערן...
ווען בלויז איין וואָרט-מעטעאָר פון הימלרוים צוריק זאָל פאַלן
וויסן וואָלט איך זיין געהיימנים און די שפּראַך פון שטערנאויגן,
איז דער כאַאָס צייללאָז, — טרעפט ניט, קיינמאָל קערט מיין פאַל נישט אום זיך . . .
דאָך, אָן אויפהער, ס׳גאַנצע לעבן פליען פיילן פון מיין בויגן..

## 110 משה באַרטאַן

### קינדהייט, יוגנט און עלטער

. . . אויך איך בין, קינד, געווען אַ מאָל אַ קינד,
און האָב פאַרמאָגט דאָס ריינע קינדהייט-גליק
אין אויגנבליק;
אויך איך, ווי דו, מיין קינד, געווען אַמאָל בין בלינד,
געשפּילט, געשפּראָצט אין שטומער פרייד,
געוויינט פון האַרצן גרינג,
און צווישן קינדער-רינג,
געשטיפּט, געדרייט זיך אָן אַ ציל,
און גאָרנישט ניט פאַרלאַנגט צו וויסן, וואָס איך פיל,
און וואָס איך וויל . . .
און פּלוצלינג, קינד, אין מיטן בעסטן שפּיל — — —
האָט אַ הויכוואוקסיקער און שלאַנקער יונגערמאַן
אַראָפּגעריסן האַסטיק ס'היטל פון מיין קינדהייט-צויבער,
און פון ריין-נאַאיוון הערצל —
דעם פאַרלאַנגען-זויבער . . .
דאַן —
האָב איך דערשפּירט דערזען
אַ ים פון נייע וועלטן, נייע הימלען,
און ווי שלאַנגענכוואַליעס פויזשען, ברויזן, טומלען,
שוימען, פליסן, גיסן זיך צענויף
און טיילן זיך פאַנאַנדער,
אום צענויפגיסן זיך ווידער מיט אַן אַנדער,
מיט אַ צוועטן לעבנסשקוואַל פון אויפגעברויזטן כאַאָס — — —
דאַן —
האָט אין מיין ברוסט אַ ליידנשאַפט

ווילד אויפגעפייערט און מיט קראַפט
אַריינגעשטויסן מיך
אין שטיקנד־הייסע פרויען־אָרמס,
אין די אויפגעברויזטע שטורמס פונם לעבנס־ים,
וואָס האָט מיך, ווי אַ מכשף, ווילד געדרייט, געטראָגן,
נישט צו זאָגן
וואו, וואוהין ער וועט מיך ברייננען,
ביז איך בין געבליבן הייגען
איבערן תהום — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —
דאַן —
האָט מיך באַהערשט אַ ניי געפיל:
„שרעק פאַרן לעבנס־שפּיל“.
די שרעק האָט אויסגעלערנט מיך
צו מאַכן, ציען איבערן תהום אַ בריק
פון זעלבסט־באַשיצונג שטריק . . .
און ווי אַן אַקראָבאַט פלינק קלעטער איך,
זיך מונטערדיק: פאָראויס!
פאָראויס !
און בענקענדיק צוריק,
נאָך דעם פאַרגאַנגענעם־פאַרלאָרענעם,
נאָך קינדהייט־גליק . . .
אַזוי האָב איך זיך לאַנג און לאַנגזאַם צוגעפּאַסט צום לעבן,
אויך געאיבט־געלערנט
איבערן אָפּגרונט הייגען, שוועבן . . .
בלויז אין ווייכערדיקע אומרו־צייטן, —
ווען דער אָפּגרונט רעגט זיך און באַוועגט זיך

אומגעריכט —
פאַרליר איך אויך דאָס גלייכגעוויכט . . .
דאַן —
ווי באַרמלאָז ווערט מיין אומגליק און ווי שווער די נויט !
און מיך באַהערשט אַ נייע געפיל :
„שרעק פאַר דעם „נישט זיין“, פאַרן טויט !“
אָט די צוויי שרעקן — וועקן
שטענדיק אויף אין מיר מלחמה־לוסט, אומרואיגקייט
און אַ ברענענדיקע דורשט נאָך אייביקייט . . .
אויך שאַפן זיי די וואָפן
וואָס פאַרשאַפן
ליידן, פאַרגעניגן,
און שפינען, וועבן פאַר דעם לעבן
שיינהייט־נעצן, וואָס פאַרפּלאָנטערן, פאַרוויגן
דאָס איינגעמידטע האַרץ אין שענסטן ליגן . . .
נאָר דעם וואַקלענדיק־אומרואיקן געדאַנק
פאַר׳שכור׳ט אָן פאַרשלעפערט קיינמאָל נישט
דאָס גיפט־געטראַנק
פון די צוויי שרעקן —
טויט — און לעבנס־שרעקן — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — —

מיין קינד,
דו קוקסט מיך אָן פאַרוואונדערט און צעמישט,
דו פילסט נישט,
ווי עס שמאַרצט מיין וואונד, פאַרשטייסט מיך נישט.
דו זעסט נישט,
ווי איך הייגג און וואַקל זיך פול שרעק

איבער אַ תהום וואָס האָט קיין גרונט, קיין עק;
דיין צאַרטעס הערצל איז נאָך יונג און בלינד,
ווי גליקלאָך ביזטו, קינד! —
דאָך בין איך דיך נישט מקנא, קינד,
ווייל מיין אומגליק האָט אַ סוד מיר איינגערוימט,
אַז דאַן —
ווען דו וועסט זיין אין שענסטן קינדערשפּיל פאַרטרוימט,
וועט דיך באַגעגענען אַ שלאַנקער יונגערמאַן . . .
און האַסטיק, אומדערבאַרמדיק וועט ער צעפּליקן
פון דיין קינדיש וועזן — ס'גאָלדענע טיכל . . .
איין אויגנבליק — און אויס, צערונען איז דאָס גליק,
און דו פאַרוואַנדלט ווערסט אין דעם וואָס איצט בין איך...
און דאַן —
אויך וועט זיך, מוז זיך ענדערן מיין איך: —
אַ אונטערטעניק-אַנגעבויגענער און גרויער גרייז
וועט ציטריק-שטום אַרויפוואַרפן אויף מיר אַ טוך אַ ווייס..
איין אויגנבליק —
און איך בין אין דער עלטער-שוים
און ווידער שוין אַ „קינד"
און אפשר אויך דאָס גליק ט'זיך אומקערן צוריק, —
כ'וועל אויך דאָך זיין שוין בלינד?! . . ?
דאַן —
מעג אויפקאָכן ווי שטורמיש אונטער מיר דער תהום —
איך לאַך אויס אים, איך זע אים נישט,
איך ער אויך נישט פאַראַן! . . .
און זאָל פאַרשלונגען מיך דער הונגעריקער גרוב פון תהום
— מיך שרעקט ער נישט, כ'באַגרייף אים נישט,

איז ער אויך נישט פאַראַן ! . . .

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ליב קינד, ווי דו ביים אָנהויב בליען,
וועל איך ביי מיין סוף זיין בלינד,
און איבערלעבן שטיל — אין מיין ערינערונג —
דיין קינדהייטס גליק,
מעג זיין נור אויף איין בליק ! . . .
אויך איך, ווי דו, ווערן וועל אַמאָל אַ קינד, זאָל זיין נאָר
אויף איין בליק ! . .

## מיין ליד

מיין ליד, איך ווייס דיין אינערלאַכן דראַנג, —
דיך שטיקט דאָס נישט אַרויסגעזאָגטע וואָרט,
דיך מאַטערט, וואַרגט דער האַלב-פאַרשטיקטער קלאַנג
פון דעם געפּלאָגטנס האַרצנסלייד-אַקאָרד.

מיין ליד, איך פיל דיין בראַנד, געהיימן ווי
דיך פרעסט און בריט, ווען כ'שלינג אַראָפּ אַ טרער,
דו ליידסט, ווען איך מיין לעבנסוועג פאַרזע,
ביזט טרויעריק-טריב, וואָס מיר איז אַזוי שווער.

מיין ליד, איך פיל, פאַרשטיי דיין פעלער גאָר :
דיין פולס שלאָגט טויב, ניט ריטמיש, לאַנגזאַם... ס'שלאָפט
אין דיר דיין קראַפט, דיין קלאַנג ז'נאָך טעמפּ, ניט קלאָר
מיין ליד, דיר פעלט די זון און פרייע לופט ! . . .

## אַזוי ווייניק ווייסן מיר . . .

אַזוי ווייניק ווייסן מיר
די נאַטור פון לעב-געפיל,
אַזוי ווייניק האָבן מיר
וואָס די זעל באַגערט און וויל.
אַזוי זינלאָז זיינען מיר
אָן אַ ציל און מיט אַ ציל,
אַזוי קליינלאַך שאַפן מיר
מיט דעם מעכטיקסטן געפיל. —

שרעק זשע זיך נישט, האַרץ, פאַרן טויט,
נישט בענק נאָך לעבן, זעל פאַראירטע:
זינט די וועלט שטייט ווייסט ניט קיינער
צי געווינט ער, צי פאַרלירט ער . . .
זינט די וועלט שטייט, הערשט די חיה,
שטרייטן ווילד די געצנדינער,
זינט די וועלט שטייט, ווייסט נישט ס׳רעטזועל
נישט דער האַר, נישט זיין באַדינער . . .

אַך, ווי ווייניק פילן, ווייסן
מיר די שפּיל פון טויט און לעבן!
זינט די וועלט שטייט, זינט די וועלט שטייט
שפּינען טרוימען בלויז געוועבן,
טרוים-געוועבן, וואו די וועלט-שפּין
כאַפּט אין זייערע נעצן מיקען,
און די מיקען אין דער ווענטקע
פרעסן אויף זיך און פאַרצוקן . . .

## נאָענט און ווייט

דערשיינט פאַר מיר אַ לעבנסבילד
פול צויבערפראַכט,
צי צערטלט די נאַטור-שוים מילד, —
איך פיל און טראַכט:
ווי גרוים איז מיין פאַרלעגנהייט!
אַזוי ליב נאָענט ז׳מיר די נאַטור,
אַזוי אויך אומפאַרשטענדלאַך, ווייט . . .
און ווען אַ קראַפט פול לייד און גליק
אין מיר דערוואַכט
און צינדט מיט ליבעדורשט מיין בליק —
פיל איך און טראַכט:
ווי טיף איז מיין פאַרלעגנהייט!
נאָענט, טייער ז׳מיר מיין לייד און גליק,
און דאָך אַזוי געהיים און ווייט . . .
און קלער איך פון דער וועלט, פון טויט-
און לעבנס-שפיל, —
ווער איך צעמישט, דען נאָענט און ווייט
ז׳מיר מיין געפיל,
געדאַנק און זעל און לעבנסצייט . . .
כ׳בין זעלבסט זיך ליב, אינטים און נאָענט,
און דאָך אַזוי זיך פרעמד און ווייט . . .

## טאָג-טעגלאַכע זאָרג . . .

טאָג-טעגלאַכע זאָרג וועגן ברויט און געזונט,
טאָג-טעגלאַכע ליידן און שרעקן,
און נאָר איבער אייגענעם ווייב, הויז און רינד,
און אַלץ וועגן אייגענע צוועקן.
און נידריק געבויגן צו דר׳ערד איז דער קאָפּ,
פון נויט-לאַסט — פאַרהויקערט דער רוקן;
דער הימל . . . אָ פרעמד איז די הימלשע גאָב
דעם האַרצן וואָס וועלקט און איז טרוקן! . . .
בלויז איינמאָל געטרוימט האָט דאָס האַרץ אויפן וואָר,
ווען פאַלנד אין אַ זומפּ-גרוב פול שימל,
געזען האָט׳ס אויפן זומפּ-פלאַך שנייוואָלקנס אַ פּאָר,
אַ גערינצלטע זון און אַ וואַקלנדן הימל . . .

## אַלט ווי די וועלט

אַלט ווי די וועלט איז מיין טרויער,
אַלט ווי די עלטער אַליין;
דאָך ווערט אין מיין האַרץ ער געבאָרן
טאָג-טעגלאַך, אַ שטיין נאָך אַ שטיין! . . .

נעכטן געפעלשט האָט די ליבע,
היינט האָט די זון ניט געשיינט;
דיך האָבן באַטראָגן די ברידער,
מיך האָבן גענאַרט גוטע פריינט . . .

קליין איז און קליינלאַך דער גרעסטער,
אַלט איז אויך אַלץ וואָס איך טראַכט;
אָך, אַלט ווי די וועלט איז מיין טרויער,
נאָר מיר איז ער ניי טאָג און נאַכט . . .

## כ׳וואָלט געוואָלט . . .

נישט אין רו פונם אַלטן פאַרלאָזטן בית־עולם,
אויסן שטאָט, צווישן מורמלדיק טייכל און וואַלד,
הויך באַגראָזט און באַשאָטנט מיט פרוכטיקע בוימער
וואָלט איך רוען געוואָלט.

וואו אַ שטומע מצבה זאָל זיין מיר אַן עדות,
אַז אַ שטומער צופויל איך לאַנג, לאַנגזאַם און לאַנג,
און די ווערים נישט איילן, מיין שאַרבן אויסהוילן, —
איז נישט מיין פאַרלאַנג.

כ׳וואָלט געוואָלט, מיט מיין כריפנדן הויך מיט דעם לעצטן,
זאָל אַן העלישעס פייער מיין פגר און גאַר
מיינע טאַטן און לעבן פאַרניכטן, צו׳אַש׳ן,
און צעבלאָזן אויף ווינטן, אַזוי אַז נישט בלייבן
פון מיין „איך זאָל קיין שפור ! . . .

# „אמת"

מיין אמת, דיין אמת און יעטווידנס אמת,
פרעמד-ווייט זיינען זיי פון דעם איינציקן אמת,
ווי פרעמד איז אַ טויט-רו דעם לעבנסגעטומל,
ווי ווייט איז די ערד פון די שטערן אין הימל . . .
דען אמת איז איינער פאַר אַלעם און אַלעם !
און נישט אין דעם לעבן פאַרבלענדטן מיט שאלות,
מיט צווייפלען און ליידן, מיט שטענדיקן רעש׳ן,
מיט אמת׳ן פיל, ווי פיל פאַלשע מיראַזשען —
וועט ווער וען דעם איינציגסטן אמת געפינען ;
און נישט פון די ספרים פון טויזנטער דורות
מעוברת אַ שוויץ-קאָפּ וועט-ווערן מיט תורות
און אויך צופעליג מ׳זוכנדן אמת געוואונען.
דער „אמת" אין „טויט" איז . . . און קיינמאָל דעריבער
פאַרלאַנגען מיר אים נישט און גייען פאַריבער
דעם וואָרהאַפטן אמת מיט אויגן פאַרמאַכטע,
און יעטווידער מאַלט זיך אַן „עגל" מיט וואונדער,
אויך „אמת׳ן" שאַפט מען אינאיינעם . . . באַזונדער . . .
דאָך דורשט אונזער זעל נאָכן אמת דעם עכטן . . .
און בליצט ער אַדורך ווען אין זעליקן חושך —
אַנטלויפט זי פול אַנגסט-שרעק צום חשכות פון לעבן,
און טוט זיך אין אמת מיראַזשן פאַרוועבן . . .

— — — — — — — — — — — — — — — —

דאָך אמת בלייבט איינער פאַר מענטשן און בהמות :
דער „אמת" אין טויט איז, און „טויט" איז דער אמת ! . . .

## ווער צעגליט עס . . .

ווער צעגליט עס מיין וועזן און שמידט-צו
מיך צום גליהענדן זון-אונטערגאַנג ?
ווער באַשפּריצט מיך מיט פונקען פון פייער-גאָלד,
רופט אַרויס אין מיין זעל פרייד-געזאַנג ?

נאָך אַ ווײַלע אַ קורצע, איין אָטעם נאָך —
טוקט די זון זיך אין מערב, פאַרגייט;
און דאָס גאָלד לאַנגזאַם טונקלט, פאַרענדערט זיך,
ווערט פאַרלאָשן אין שאָטנס פון טויט . . .

נאָך אַ ווײַלע אַ קורצע, איין אָטעם נאָך —
און פאַרקילט ווערט פון טרויער מיין האַרץ,
אין די אויגן לעשט אויס זיך דער לעצטער פונק,
און עס נאָגט שוין דער פריערדיקער שמאַרץ . . .

ווער צינדט אָן און לעשט אויס מיינע נשמה-ליכט,
וועמען פעלן מיין פרייד, לייד און נויט ?
ס׳ ווי סיי בין איך מיר אויך פרעמד, איבריק,
ווי פרעמד-איבריק — דאָס לעבן און טויט ! . . .

# 122 משה בארטאן

## פון קנוט האמסון

1

דו זאָגסט, גאָט איז אַל-גוט, אַ פריינט . . .
פאַר וואָס דאַן האָט ער ווי אַ פיינט
באַשאַפן גרויזאַם מיך אַ קנעכט ? . .

דו זאָגסט, גאָט ווייסט ביז גרונט אַלצדינג . . .
נור דאַן געוויסט וואָלט אומבאַדינגט
ער, אַז ר׳איז אימער אומגערעכט ! . . .

ער האָט מיר האַרץ געשענקט, און בראָט,
און פייניקט. שלאָגט עם מיט זיין רוט
ביז בלוט, ביז פלאַצן וועט׳ס, ביז וואַן . . .

דו זאָגסט, אַ גאָט ז׳פאַראַן ? ! . . .

## 2

מיר איז אַזוי שווער ! — אין דעם ליידיקן רוים
אַ חשך־שרעק גרוילאַך שוועבט אום.
כ'בעט נידריק געבויגן אַן אויסוועג, אַן הילף, —
ערד־הימל שווייגן שטום . . .

איך קוק אַ באַטריבטער אין פינסטערניש־תהום,
אין הימל שוין צינדן זיך שטערן אָן שיעור,
זיי פינקלען און ווינקען, אַזוי ווי זיי וואָלטן
אָפּענטפערן מיר.

איך בין אַזוי דאַנקבאַר ! איך האָף און איך וואַרט
אויפן מאָרגנרויט, זיין ט'ער מיט ציל־גליק באַצווייגט...
קומט מאָרגן — זיך באַהאַלטן די שטערן אוים שאַנד:
זיי האָבן געלייגט ! —

## דאָס לעבן . . .

דאָס לעבן אַן־און־פיר־זיך
קוואַלט שאַלנדיק און שאַפט,
און פליסט פאַראויס געזעצלאַך,
פול קאָסמאָס־איינגנשאַפט.

די ליבע אַן און פאַר זיך
פלאַם־פלאַקערט, ברויזט און צינדט
דו לוסט צום לעבן — אַזוי האָט
אייביקייט באַשטימט.

דער טויט לעשט אויס זיי ביידן
ווען ס׳ווערט די שטאָף־קראַפט אַלט; —
ער בייט, באַנייט די פאָרמען
פון אייביגקייט־געשטאַלט.

צופעליק, קליינלאַך, ווערטלאָז
איז בלויז דעם יחיד׳ם זיין;
צופעליג לעב איך, ליב איך,
און לייד צופעליג פיין.

און שטערבלאַך איז מיין וועזן,
כ׳דענק: איינע איז מיין זעל,
און ווערט פון טויט פאַרלאָשן,
ווי ס׳אַשט זיך אויס אַ קויל . . .
— — — — — — — — — —

אוּן אפשר איז מיין זעל גאָר
אַ פּונק, צי גרויס, צי קליין —
אַ טייל פון אייביק-גאַנצן,
אַ טייל פון גאָט אַליין?

דאַן וואָלט דאָך אויך אומשטערבלאַך
געווען מיין זיין און זעל,
דען איך בין נישט אַ גאַנצעס,
נאָר עפּעס פון אַ טייל . . .

אַ בליץ פון טויט און לעבן,
אַ שטראַל פון גייסטנשיין,
אַ טייל פון אייביק-גאַנצן,
אַ שטויב פון גאָט אַליין . . .

און ווען עס וועט צעבלאָזן
מיין שטויב דער טויטנווינט
וועל אויפלעבן איך ווידער
אינם ניי געבאָרן קינד? . . .

— — — — — — — — — —

## מיין געווינשטער גלגול

ווען דער וואנדערבאַרער זייגער
פון דעם סודות־פולן לעבן
וועט אַם ענד אויפהערן שלאָגן
אין מיין ברוסט,

און מיט ערד — דאָס מויל פאַרשטאָפּט זיין,
אָ, ווי וואָלט איך וועלן שרייען:
„ערד, דו ערד, דו מוטער מיינע,
זיי געגרוסט!“

און אויב ס׳וועט דער „מלאך־דומה“
מיט אַן אמת נאָך מיר קומען,
אום אויף יענער וועלט צו ברייגנען —
וואָלט איך דרייסט

אים געזאָגט: „כ׳פאַרלאַנג קיין הימל,
נישט דעם גיהנם און גן־עדן,
לאָז צוריק מיך אויף דער ערד, — דאָרט
איז מיין טרייסט!

דאָרט איז אויך פאַראַן פיל, גיהנם׳ס,
קאלעכהויוונס, אינקוויזיציעס,
און — גן־עדנ׳ס, דאָס וועט קיינער
נישט פאַרניינען;

אויף דער ערד צוריק מיך אומקער,
דאָרט איז ניחא מיר צוליידן,
לעבן, זינדיקן, אָפּקומען,
לאַכן, וויינען״ . . .

און אַז כ׳וועל פאַר מיינע הארטע
זינד מגולגל ווערן דאַרפן
(ווי ס׳האָט מיר פאַרציילט מיין באָבע)
וועל איך כורעים

פאַלן פאַר גאָטס טראָן־שטול, בעטן,
אַז כ׳זאָל נישט פאַרוואַנדלט ווערן
אין דעם העסלאַכסטן, דעם שוואַכסטן —
אין אַ וואָרעם !. . .

איך וועל זאָגן : „גרויסער שעפער !
דו וואָס ווייסט, אַז כ׳בין אַ וואָרים
שוין געווען און אַנד׳רע ווערים
האָבן אימער

מיך געפרעסן, ס׳בלוט געזויפט, און
מיר פאַר׳סם׳ט מיין ווערמדיק לעבן ;
דו, וואָס ווייס מיין מאַרטער־לעבן,
לייד און קימער ; —

לאָז מיך איצט פאַרוואַנדלט ווערן
אין אַ מעכטיק־פריין אָדלער,
וואָס זאָל פריי און מוטיק פליען
נידריק, הויך :

זאָל איך וויסן קליינע פריידן,
מעג ווי שווער זיין, גרוים די ליידן,
כוועל מיט ליבע אַלץ אָננעמען ! . . .
שענק נאָר כח,

אדלער־מוט און אָדלער־פליגלען,
אום איך זאָל אויף איין מאָמענט כאַטש
פריי אַנטרונען פון דער נידער
אויף אַ באַרג

און צום טאָל שאַרף־רואיק קוקן,
ווי עס ווימלט, קאָכט און טומלט . . .
זאָל מיין גלגול זיין אַ אָדלער,
פריי און שטאַרק !" . . .

## „זאָל זיין, גאָט, דיין הייליקער ווילן ! . . . “

איך, — פון דיר אַליין נור אנזעהענדעס ערדיש שטויב, —
צעשטויב זיך, גאָט, פאַר דיינע פיס —
אין דעם דינסטן פראַגעס-אַש —
אין שמערצלאַכע, פאַר מיר אַליין נאָר שמערצלאַכע
און אייביק אומבאַשיידטע חידות-פראַגעס:

— פאַרוואָס ?
איז מיין הייסעסטעס געבעט צו דיר —
און מיין קנעכטיש-פלאַמענדיקע לויב צו דיר —
הויבט אָן און ענדיגט זיך נאָר מיט אַ פראַגע,
מיט אַ שמערצלאַכן פאַרשאָלטענעם „פאַרוואָס ?“ —
זאָל זיין, גאָט, דיין הייליקער ווילן !
— פאַרוואָס ?
האָסטו מיך אָפגעטיילט
(אַזוי פראָסט פאַר דיר און וואונדערלאַך פאַר מיר)
איין שטויב פון ערד-גרונט,
און אויף איין בליצנבליק אַריינגעבלאָזן אין מיין גולם —
פון דיין אטעמס אַ צעשפריצטן פונק —
איין שטויבל-זעל,
און געזאָגט צום אויפגעלעבטן גולם :
„טאַנץ און שפרינג און קרים זיך נאָך מיר !
„טרוים און נאַר זיך, אַז אויך דו ווייסט וואָס הייסט לעבן !
דענק און וויים, קליין שפילכל,
אַז דו ביזט אַ גרויסער „עפּעס“ !
„גלויב זיך, שוואַכעס עכאָ,

אַז דאָסווירקלאַך קול ביזטו, נאָר דו אַליין!
„טאַנץ און שפּרינג און וויין און זינג
און קרים זיך נאָך מיר!“ —
זאָל זיין, גאָט, דיין הייליקער ווילן! —

פאַרוואָס? —
באַשאַפן בין איך אַזוי אָפּגעגרענעצט און נישטיק־קליין,
אַז אויסלערנען, דערקענען אַלעס וואָס געהער
צו מיין קליין לעבנס־וועלטל בין איך אויך נישט מסוגל; —
איך קאָן נישט גרינדלאַך און באַשטימט
מיין אייגן שטויב פון גולם, —
זיין „זיין“ און לעבנסוועלט איז אויך פאַר מיר אַ סוד;
איך זע פון מיין קליין לעבן נאָר אַ שטיקל הימל־רוים;
מיינע ווייטן זע איך אויך נאָר אייניקע אין טרוים;
איך פיל נישט אמת דאָס אויך —
וואָס די אונמעכטיקע און קליינע
און נישט ריכטיקע פאַר אַנדערע וועלטן
ערד־געפילן קאָנען פילן . . .

און דאָך —
באַנוגט זיך נישט מיין שטויבן־פונק צו שטערבן —
אויספאָרשן, דערגרונטן
מיט די קליינע גייסט־שיין מיטלען
אָט דאָס אַלעס וואָס געהערט
צו מיר נאָר, צו מיין גולם־וועלט; —

ניין, גאָט! —
עס ברענט מיין גייסט אַ גרויסע דורשט. —

צו דערקענען, וויסן, פילן, גאָר דעם אמת פון אַלע וועלטן,
און פון דיר אַליין, באַשעפער, אויך אַנטפּלעקן מ׳סוד! . . .
און נישט מיט ערד־חושים, אַ ניין! —
די ערד־חושים אים זיינען ווייניק,
נישטיק,
גאָרנישט! —
ער פלאַמט מיין גייסט אין גרויסער דורשט,
נאָך דיין, גאָט, אמת און — גייסטן־חוש! . . .
זאָל זיין, גאָט, דיין הייליקער ווילן! —

פאַרוואָס? —
ווען מיין זעל ערפילט דיין ווילן —
(ס׳ווערט ערפילט דאָך נאָר דיין ווילן!) —
און מיין גולם — דיין איראָניע —
טאַנצט מיט היץ און קרימט זיך נאָך דיר,
און איך בעט צו דיר און לויב דיך
אין מיין זעל־געבעט מיט פראַגעס, —

פלוצלינג —
אין איין פונקענבליק פאַרלעשטטו
גאָר מיין זעל־פונק און מיין אמת,
און מיין גולם נאַריש פאַלט,
קערט אום זיך ווידער צו דעם ערד־גרונט,
און צעשטויבט זיך לאַנגזאַם, מאוס
מיט אַ ווערמדיקן, פוילן,
לעצטן, שטומען טויט־פאַרוואָס — — —
זאָל זיין, גאָט, דיין הייליקער ווילן! . . .

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

## געבעט

גאָט —
איבער אַלע געטער — גאָט !
האַר —
איבער אַלע האַרן — האַר !
איך —
אַ פרייען קנעכטס געדראַשן „איך" —
בעט —
אַ ליידנשאַפטלאַכס אָפּהענדיקס געבעט. —

אָפּגעטאָן האָט זיך פון מיר דיין שאַפונגס-גייסט.
דער מח ז'פּוסט, געדאַנקענלאָז, פאַרוויסט.
דאָס האַרץ — אַ שוואַרצע קאַלטע קויל.
די זעל —
געשענדעט, טויב און שטום . . .
די שטורם-צייט, די שאַנדע-צייט
דערשטיקט האָט מיין פראָטעסטן-שטים
און פעסט פאַרשלאָסן מיר דאָס מויל . . .

בלויז —
צייטנווייז זיך רייסט אַרויס
פון ברוסט, פול לייד און ווייען-גרוס,
אַ גרילצנדיק בהמה'ש ברום,
אַ פלוך פול גאַל און גיפטנשווים
אויף וועלט און מענטש און האַר פון רוים . . .

דאַן ברומט צו דיר
אַ אויפגערעגטעס גאַליק מענטשנקינד:
אָ, זיי נישט מוחל, האַר,
מיין לעסטערן גראָב און שווערע זינד!
נישט נעם אין אַכט וואָס איך בין שוואַך
און נאַריש־גאַרנישט, קרעטיש בלינד,
וואָס קליין און אָרים — מיין פאַרשטאַנד
און גאַר מיין זיין — אַ זייפנבלאָז...
פאַרגיב מיר נישט, נאָר פילן זאָל איך אויך מיין שאַנד!
באַשטראָף מיך אַרט,
נאָר וויסן זאָל איך אויך „פאַרוואָס?“ —
און „דו“, ווען דו האָסט אָנגעגרייט
פאַר אַלעמען זיין סוף — דעם טויט,
דאַן מוז איך וויסן און פאַרשטיין:
געלעבט האָב איך צו־וואָס?...

אַט דאָס —
פאַרלאַנג איך, מוז איך וויסן;
און איך פאַל פאַר דיר אין שטויב און בעט:
מיין האַר, מיך טויט!
נישט זיין מיר מוחל מיינע פרעכע רייד,
נאָר פילן־וויסן זאָל איך אויך,
וואָס אמת דיין באַדייט!...

## געבּעט

אַ גאָט, מיין אייביגקייט, מיין אויסלייזער און שטראָפער,
ווי דום ז׳דער מענטש און בלינד!
ער פאַלט און קניט, פול אימה, פאַר דיין קלענסטער שטראָף-
רוט
ווי אַ ווילד-צעשראָקן קינד . . .
און דענקט נישט, אַז די שטראָף איז בלויז אַ בליץ, אַ פונק
פון דיין העליש צאָרנבראַנד;
ער זעט דאָס שוואַכערוט, און וויל נישט — עקשן — זען
דיין הערשנד-שטאַרקע האַנט . . .
ער ציטערט, בייסט די צוים, ווי ס׳פערד ווען ס׳שלאָגט
דער רייטער
סזאָל לויפן פלינק, געשווינט. .
און ס׳ווייסט נישט וואָס, וואוהין, און זעט קיינמאָל דעם
ענד-ציל . . .
ווי פּי איז אַ מענטשנקינד ! . . .
אַ גאָט, מיין אייביקייט, מיין האָפנונג, הילף און רעטונג !
איין פונק דיין בלאָז אַריין
אין מיין פאַרדאָרבענעם גוף און טרוקענער נשמה —
וועל איך אויך פינקיק זיין! —
אַ וואונדער-צייכן פון דיין אייביקייט און ווילן,
אַ מעלאָדיע פון לויב . . .
נאָר אָן דיין גייסטנשיין בין איך נישט מער ווי גאָרנישט,
אַ נישטיק ערדיש-שטויב ! . . .

## — ! לײדנדער

— ! לײדנדער
— ! דײַן לײד און פּײַן און װאונדנבראַנד ניט שעלט
דען זײ, נאָר זײ,
מיטן שװערד פון אומגליק, לײד און נױט
אַראָפּגעשונדן האָבן אום׳רחמנות׳דיק די הױט
פון מײַן אומטרײַער פאַלשער זונה — לעבנסװעלט . . .
דען זײ, נאָר זײ
געעפנט האָבן מײַן פאַרפלײשטעס האַרץ,
און כאָטש עס בלוטיקט און עס שרײַט
— פון װײ — דאָך זעט עס קלאָר און ברײט
דעם אײנציק ליכטיקן און ברײטן הימל-װעג
און דאָס בלוטיקע געיעג
אין די פאַרשמירטע שאַנד-ייאַרעס פון לעבנסזונות . . .
— ! עלנדער
— ! דעם אײנציקן טרײַען עלנד-מלאך ליב און בענטש
דען ער, נאָר ער דינט מוטערלאַך-געטרײַ
— ,און שטאָט קאַלט-גלענצנדע שײַן-מיטלען פון דער פרײַ
צינדט אָן ער װאַרימע אין עלנט-גרוב נשמה-ליכט,
און װישט אומזעבאַר אָפּ די טרערן פון דײַן געזיכט . . .
דען ער האָט מיך געלערנט, װי צו שעצן, ליבן
דעם שװאַכן, אָרימען, און דעם װאָס איז פאַרטריבן
— פון פאָטערס הױז — גאָט׳ס פרײַער, ברײַטע װעלט
אין עלנדן און ענגן גרוב-געצעלט . . .

— ! איינזאמער
—! פארן גייסט פון איינזאמקייט מיט ליבע־פורכט קני, לויב
דען ער, נאר ער האט אויפגעוועקט מיין ארים
פארשלאפן און אומוויסנד וועזן,
און מיט שעפער־קראפט געשניצט,
געטאקט געשליפן מ׳פארם
פון מיין זעל, געדאנק . . . און אויסגעלערנט לעזן
— ,דאס נאטור־בוך
! מיך, א נישטיק שטויב
דען ער, אלין זעענדער,
העלפט, ווייזט דער מענטשנפי,
— וואו און ווי
צו זוכן דעם פארהוילטן וועג פון גרעסטן סוד:
... ! פון גאט — צו גאט

— — — — — — — — — — — — — — — — —

## זינט עס איז די וועלט באַשאַפן . . .

זינט עס איז די וועלט באַשאַפן
איז מיין גייסט אַ שפּיל ביי גאָט;
כ'שאַף, צעשטער, און לייד און לעב, און
ס'לעב־געפּיל איז נאָך נישט זאַט . . .

כ'בין געוועזן גאָטס שענסטער וואונדער,
די ערשטע זינד, און מענטש, און קעניג,
איצט בין איך אַ קנעכט דער לעצטער
און עס איז מיר אַלץ נאָך ווייניק . . .

כהאָב פאַרשפּרייט זיך צווישן פעלקער,
אום פאַרשידן, — שוואַך און שטאַרק, —
אַדורכלעבן זייערע לעבנס —
און עס איז מיר אַלץ נאָך קאַרג . . .

כ'האָב געטרוימט מיט יעדן נביא,
און דערפונדן אַלעס קלוג,
איצט בין אַ געשלאָגן הינטל,
און — נאָך אַלץ מיר ניט גענוג! . . .

אַלעס, אַלעס האָט מיין גייסט שוין
דורכגעלעבט, באַטראַכט, געפאָרשט,
און — אַ וואונדער! — כ'גלוסט נאָך לעבן,
לעבן איז מיין שטאַרקסטע דורשט . . .

לעבן אין אַ ריז, אַ וואָרים,
איז מיין גייסט אויף אייביק גרייט; —
דאָס לעבן איז מיין שווערסטע זינד,
מיין גרעסטע פּיין און ליבסטע פרייד! . . .

ווען מיך מאַטערן אַנגסטן, אומגליק
און איך זע פאַר זיך דעם טויט,
און אַ שרעקן־שוידער גליווערט
מיר דאָס בלוט און גרוילט די הויט, —

פּרוב באַרואיקן דאָס האַרץ איך,
און צו זיך אַליין דאַן זאָג:
„נאַריש מענטש, דו לעבסט דאָך לאַנג שוין,
זינט דעם ערשטן שאַפונגס־טאָג! —

האָסט געשאַפן צאַללאָז דורות
און מיט יאָרן — צאַללאָז זאַט;
רואיק, שטיל, פאַרגיי, באַהעפט זיך
מיט דעם אייביקייט צו גאָט! . . . "

נאָר מיין זעל דערשראָקן שטאַמלט:
„טויזנט יאָר, צי דרייסיק יאָר, —
אַלץ־איינס זיינען שוין פאַרגאַנגען,
האָב איך נישט געלעבט נאָך גאָר! . . .

איך ליב דעם איצטער און דעם צוקונפט,
אויב ער וועט מיר זיין אַ „היינט“,
כ׳ליב די מינדסטע שיין פון לעבן,
בלויז די טויט-נאַכט איז מיין פיינט . . .

אך, צי טויזנט יאָר, צי דרייסיק,
האָב געלעבט — נישט מיין שוין ס׳גליק :
כ׳וויל געבאָרן ווערן ווידער,
לעבן וויל איך יעדער בליק“ . . .

— — — — — — — — — — — —

לעבן אין אַ ריז, אַ וואָרים,
איז מיין זעל אויף אייביק גרייט ;
דאָס לעבן איז מיין שווערסטע זינד,
מיין גרעסטער פיין און ליבסטע פרייד ! . . .

## „ארון־קודש“

ס׳איז מיין זעל אַן „ארון־קודש“,
אַ מנורה פאַר אים שטייט
אין מיין האַרצן, אין איר ברענען
אוים די ליכט פון מיין געבעט . . .

אין דעם „ארון־קודש“ רוען
מיינע זעל־שאַצן און גאָט;
דאָרטן ברענט אויך אַ „נר־תמיד“,
אום כ׳זאָל זען גאָט׳ס געבאָט . . .

זינט איך לעב, אין דער מנורה
ברענען ליכטלאַך, לעשן־אוים, —
תפלות, טרוימען און פאַרלאַנגען
לעבן־אויף און גייען־אוים . . .

ס.בייט מיט זיי זיך ס׳האַרץ־געפיל אויך:
אַמאָל לייכט איז, אַמאָל — שווער,
שטראַלן־פרייד אַמאָל פאַרכלינען,
אָפטער בראָט און ווערגט אַ טרער . . .

נאָר ווען ס׳לעשט זיך דער „נר־תמיד“,
(ס׳טרעפט אַמאָל פון שווערע זינד)
חושך ווערט אין זעל, אין האַרצן,
און מיין גולם — שטום און בלינד . . .

דעמאָלט אָנצינדן אויך קאָן נישט
מער קיין תפילה, טרוים, געדיכט . . .
גאָט מיין גאָט! פאַרלעש נישט קיינמאָל
מיין נר־תמיד — נשמה־ליכט! . . .

## „טאָמער“

(נאָך י. ל. פּרץ׳ן)

עס לאָזט מיך נישט אָפּ אויף אַ ווײַלע דער צווייפל,
טיף עגבערט מיך אימער דער טאָמער;
(נאָר ס׳לעבן, אומצווייפלהאַפט, פליט־גייט פאַריבער,
קלאַפּט אין האַרץ מיר די צייט מיט איר האַמער...)

ווען זעלטן אין מיר בליצט אַריין איין פונק האָפנונג
אויף בעסערע, ליכטיקע צייטן, —
באַלד לעשט אים דער שטיקנדער רויך פון אומצוטרוי,
און ס׳גלויבן שטייט ווידער פון ווייטן...

אַז טאָמער איז דאָס נאָר אַן אור־אַלטער חלום
וואָס דורות אים טרוימען פון אימער,
און יאָרן די קומענדע ווי די פאַרגאַנגענע
טיף וועלן פאַרזונקען אין קימער . . .

און טאָמער איז צווייפלהאַפט אויך אָט דער צווייפל,
צי טאָמער איז אמת דער „טאָמער“? . . .
„נאָר ס׳לעבן — ניט צווייפל מער — פליט, גייט פאַריבער,
שלאָגט אין האַרץ מיר די צייט מיט איר האַמער...

## אום הערבסט

עס קלאַפּט אין די לאָדן אַ ווינט און
עס שמייסט אין די פינסטער אַ רעגן,
אַזוי ווי מיט הענט פון געיאָגטע
וואָס רופן נאָך הילף מיט געוואלט . . .
און ס׳דוכט מיר, — דער ווינט און דער רעגן
מ ר אָנקלאַפּן אָפּענדיק־שטורמיש:
בן־אדם! אַן אומגליק אַ גרויסער
געשען איז אין פעלד און אין וואַלד!" . . .

„אין וואַלד!" — ווי מיט גאָלדענע גלעקלאַך
קלינגט אָפּ אין מיין האַרצן אַן עכאָ,
און וואַכט אויף אַ טרוים דאָרט פון פרילינג
און טראָגט מיך צום וואַלד צו געשווינד;
און ס׳דוכט מיר: עס רעגנט דער רעגן
מיט באַבאָטשקעס צאַרטע, גאָלד־פאַרביקע,
מיט דופטיקע בליטן שניי־ריינע,
און ס׳טראָגט זיך מיט בשמים דער ווינט . . .

נאָר וויבאַלד איך גרייך באַ דער לאָנקע
דעם אָנהויב פון וואַלד מיין געליבטן, —
צעווייט ווי אַ רויך זיך דער כשוף,
צעגייט ווי אַ וואָלקן דער טרוים;
און ס׳כאַפּט מיך אַרום אַ שוועער־אומעט,
און ס׳ווערט מיט אַמאָל מיר קאַלט, עלנט . . .
איך גליווער פון הערבסטיקן רעגן
און ווינט, ווי אין וואַלד — יעדעם בוים.

אַט שטייען זיי רייען און ציילן
האַלב-נאַקעטע, קוויטיקע בוימער,
און פוילע געקליידט בלעטער-שמאַטעס,
ווי מענגעס פון אָרימע לייט;
דאָ שטאַרטשעט אַרויס פון אַ שמאַטע
אַ שטאַם אַ פאַרשרומפענער, דאַרער,
דאָרט קוקט בלינד אַ קאָפּ פול מיט פּליכעס,
דאָ טונקלט אַ בלאָטיקע זייט . . .

אַט בויגן זיי קעפּ אונטערטעניק
און טרייסלען מיט וואונד-פולע גלידער,
און שטרעקן די צווייגן אויס ציטריק,
וואָס אָפּטריפן טרערן אויף דר'ערד, —
אַזוי ווי אַ מענגע פון בעטלערס
געהויקערטע, קראַנקע און וויסטע,
וואָס שטרעקן די הענט נאָך נדבות
און בוקן זיך קנעכטיש-פאַרצערט . . .

עס רייסט זיך דאָס האַרץ פון רחמנות . . .
ס'רייסט אויס זיך אַן אויסגעשריי באַנגער:
אָ, וואַלד מיינער, פריינט דו געליבטער,
ווער האָט דיך באַטריגן, באַרויבט?
דו האָסט דאָך ניט לאַנג ערשט געבליט און
געשאַלן מיט פויגל-געזאַנגען,
געצירט און געקרוינט פון פאַרליבטע,
און שאַפונגס-חלומות געוועבט? . . .

„בן-אדם! — דערהערט האָב איך פּלוצלינג
אַ רוישן פון בוימערשן קהל, —
בן-אדם! נישט טייל זיך פון כלל אָפּ:
ביזט אויך איצט אַן עני ואביון!"...
באַזיגט, פול מיט שרעק, אונטערטעניק
אָן אַ בוים שפּאַר איך אָן זיך און שעפּטשע:
איך נעם נישט אַרויס זיך פון כלל, איך
בין אויך איצט אַן עני ואביון! —

שטום שטיי איך אַן הערבסט-בוים, אַן אבל
און צאַפּל ביז גרונט פון מיין זעלע,
פאַרזונקען אין טריבע געדאַנקען
געפּייניקט פון עלנט און קעלט;
און כ׳פּיל, אַז מיט יעטווידער שטומען
געדאַנק וואָס אין מיר ווערט געבאָרן, —
פאַרשטאָפּט זיך אַ זעל-קוואַל מיט טרוימען,
לעשט אויס זיך אין האַרצן אַ וועלט...

שטום טראַכט איך, שטום פרעג איך בּאַ שטומע
פאַרוואָס האָט מיין וועזן אַן אוצר
פאַרמאָגט פון פאַרלאַנגען און קרעפטן,
פון ליידנשאַפט, ליבע אָן שיעור, —
און געלעבט האָט נישט איך, נאָר אַ צווייטער,
גענוסן פרייד, גליק האָבן אַנד׳רע,
ווערט צייטיק אַ פרוכט אויף מיין בוימל —
רייסט אָפּ אים אַ צווייטער פאַר מיר?...

פאַרוואָס און פאַר וועם' שוואַרצט די נויט מיך,
וויין, בלוטע איך, בראָט מיך אין ליידן,
און רייסט זיך פון ברוסט אַ געשריי אויס —
באַלד ווערט ער דערשטיקט און צוטראָטן?...
און שטראָמט מיר פון האַרצן אַ טרייסט־וואָרט,
אַ האָפנונג, אַ היילונג די וואונדן —
אַ גיפט לאָזט אַ שלאַנג מיר אין האַרצן:
„כאַ־כאַ! זיי געערן אַ צווייטן! . . .

„דער געדאַנק וואָס דו דענקסט, אַז צום ערשטן
פלאַמט אויף ער אין דיין זעל ערהאַבן,
דאָס געפיל וואָס צינדט אָן אין דיר זונען
פון שטראַלנדע ליבע און רענע, —
געפלאַמט האָבן זיי און באַהעפט זיך
אין אַנדערע מוחות און הערצער . . .
דאָס וואָרט וואָס דו ליבסט ווי אַ קינד דיינס —
אַרמט אַלעם און מ'טוישט עס ווי אַ זונה!"...

— — — — — — — — — — — —

אָ, גאָט מיינער, אויב מיר באַשערט איז
צו שפייזן מיט זיך וואו אַ וואָרים,
און איך זאָל באַ אַנד'רע אויך גנב'נען:
„קמיעות" אַ שטראַל אַ פאַרשייטן, —
זאָל זיין, גאָט, דיין הייליקער ווילן! —
איך וואַג נישט דיר דעות צו זאָגן;
איך בעט בלויז: „האַר;! לאָז מיך כאָטש שטאַרבן
פאַר זיך נאָר און נישט פאַר אַ צווייטן!"...

## טעג און נעכט

אַזוינע מוטנע טעג,
אַזוינע טריבע טעג,
פאַרוואָלקנט איז דער הימל און די ערד;
איך גיי און זוך מיין וועג . . .
ווייט שלענגלט זיך אַ וועג,
דאָך בין איך אומענטשלאָסן און פאַרקלערט.
צי זאָל איך אויף אים גיין,
איך איינער און אַליין,
איז מיר דער אומבאַקאַנטער וועג באַשערט?
וואוהין זשע פירט ער פאָרט,
צו וועלכן ציל און אָרט? — — —
דערווייל רוקט אָן די נאַכט זיך אויף דער ערד.

אַזוינע שטומע נעכט,
אַזוינע בלינדע נעכט,
קיין שיין אין הימל און קיין פונק אויף דר'ערד . . .
איך ליג אין אַנגסט און שרעק,
אַ קלעפּיק-חושך-שרעק
מיך גליווערט און די נאַכט-טוי אויף מיר טרערט . . .
דאַן טרער איך אוים אַ ליד,
פון האַרצן טריפט מיין ליד,
אַן עכאָ פון געוועזענע לייד, פּלאָג;
אַ זעאונג פון אַ טרוים, —
מיין וואונדער-מאָרגן-טרוים, —
ביז אויף דער ערד קומט אָן דער גרויער טאָג.

און ווידער באַ דער שיין,
דער בלייכער מאָרגנשיין,
דערזע איך, ווי כ׳בין עלנט און אַליין —
ווי ס׳שלענגלט זיך אַ וועג,
אַ שטום-געהיימער וועג,
און ווידער קלער איך: זאָל איך אויף אים גיין?...
— — — — — — — — — — — — — — — —

אַ, מוטנע טריבע טעג
פון בלינדן לעבנסוועג!
איר זיינט שוין אָן מיין ווילן באַלד ביים עק . . .
איך קלער ערשט, ווי מען לעבט,
איר — לאַנג שוין אָפּגעלעבט,
איך וויל ערשט זיין, איר זיינט שוין לאַנג אַוועק! . . .

## אַ בלעטל „וידוי“

(מיין מאמען — מיין פלאַטערנדיק נשמה־ליכט)

א

מען זאָגט, אַז דאָס פויגעלע זיסער, פאַרבענקטער
זינגט ווען ס׳איז אין שטייגל געפאַנגען;
מען זאָגט, וואָס הייסט „יוגנט און גליק“ יו״ים די עלטער,
נאָכדעם ווי זיי זיינען פאַרגאַנגען;
מען זאָגט, אַז די ווערט פון די כוחות פאַרשווענדטע
בלויז ווייסן די קראַנקע און מידע;
מען זאָגט, אַז דאָס לעבן ווערט ריכטיק פאַרשטאַנען
און אָפּגעשאַצט ערשט נאָך דער וידוי . . .

ב.

דו מיינסט, מיר איז לייכטער, וואָס דו פאַר דיין ליבע
פאַרלאַנגסט קיין געצאָלט, — אָ ווי שווער,
מיין זעל, איז דער חוב: כ׳בין דיר שולדיק אַ לעבן
אַ גאַנצעס און האָב דאָס נישט מער! . . .

ג.

לאָז מיך אויסברענען, מיין פריינד,
אין מיינע טרויער־טעג;
מיין טרער מיך צינדט, דיין טרער מיך לעשט.

פאַרפינסטערט מ׳לעצטן וועג . . .
מיין ווי שוין שטיין, דיין ווי נאָך פלאַמט,
פאַר׳סמ׳ט מיר יעדעם גליד, —
אָ ,לאָז מיך אויסגיין שטיל, מיין פריינט,
אינאיינעם מיט מיין ליד .. .

ד.

מיין אָרימער פריינט, דו ביזט רייכער פון מיר, —
ווען ווייגען קאָן קיינער דיר שטערן,
ווען דיין האַרץ נאָך בלוטעט, ווען שרייסט נאָך פון ווי,
מיין אומגליק האָט מער שוין קיין טרערן! . . .
מיין לייד איז פאַרשטיינערט, מיין האַרץ איז פאַרקילט:
עס האָט אויסגעבלוטעט שוין לאַנג . . .
„אַ נישט דווערנדע גסיסה, אַ רואיקן שלאָף"
דאָס איז איצט מיין איינציק פאַרלאַנג. —

ה.

„צי גלויבסטו איצט אין גאָט?" דיין זעל
מיך פרעגט מיט שרעק-געפיל.
מיין לעצטער פריינט, איך גלויב אָן אים
איך גלויב דען כ׳מוז און כ׳וויל . . .
איז גאָט פאַראַן — בין איך אויך דאָ,
אַ שטויב פון זונענשיין;
כבין עפּעס כאָטש איך ווייס נישט וואָס,
און עפּעס וועל איך זיין . . .

איך גלויב : דער אומבאַגרעניצטער
וועלט אָפּגעגרעניצט ניט שאַפן ;
אַז כ׳בין אומשטערבלאַך : ס׳אייביקייט
וועלט שטערבלאַכעם ניט שאַפן ;
אַז אייביק וועל איך טויט ניט שלאָפן,
מוז איך גלויבן, וויל איך האָפן ! . . .

ו.

מיין גאָט ! איך וויים דיך נישט,
נאָר כ׳גלויב און כפיל דיין זיין —
דו מוזט דאָך זיין !
און אַז דו ביזט פאַראַן —
דאַן איז דאָך אַלעם דיין,
און איך בין דיין.
מאַך קרעפטיק זשע נאָך דאָס איינמאָל
מיין קראַנקע זעל,
ס׳איז דאָך דיין זעל !
פאַרטרייב פון מיין דום וועזן
אָט די וויסטע שרעק,
מיין לעצטע שרעק.
צינד אָן נאָך דאָס איינמאָל מיין גייסט :
דיין קליינעם ליכט, —
מיין גרויסעם ליכט.
באַפליגל מיט דיין געטלאַך-ווילנשיין !
מיין הויך,

מיין לעצטן הויך —
בידך אפקיד רוחי ! —

מיין גאָט ! איך זע דיך נישט,
נאָר כ׳גלויב און כפיל דיין זיין,
ווייל מוזט דאָך זיין!
טויט אוים אין מיינעם הארצן
אַל־די בייזע שלענג.
די ליידן־שלענג.
גיב גלויבנסרו מיין זעל,
שטיל איין די שאַרפסטע לייד, — ..
מיין צווייפל־לייד.
דערלויכטער מיט דיין שיין
מיין פינסטער ערדיש אויג,
מיין גייסטיק אויג.
אַנטפּלעק זיך מיר, באַווייז דיין מאַכט
און פּראַכט אין טרוים,
מיין לעצטן טרוים.
צום אייביקייט באַגלייטן
זאָל דיין הויך מיין הויך,
מיין לעבנס־הויך —
בידך אפקיד רוחי ! —

— — — — — — — — — — — — — — —

# 152 משה באַרטאַן

## איינציקוויין . . .

איינציקוויין, איינציקוויין פּלאַצן די סטרונעס
אין האַרצן בײַ מיר פון מיין האַרפע,
און פיבערן אַפּ הילכיק אין רוים פון מיין האַרצן
מיט טענער באַנג-נאַגענדע, שאַרפע,
וואָס ווערן צעגאָסן, צעגאַנגען, צעפּלאָסן,
ווי וואָלקנס אין שטורמיקן רעגן,
און פליסן-פאַרגיסן מיט הימל-האַרמאָניע
מיין וועזן ביז איבער די ברעגן . . .

און שטאַרבן אין גליק, גלייך ווי קינדערשע טרוימען...
דאַן שטייט אויף מיט גייסט-פליגל שטאַרקע
דער פאָטער און גרעבער פון טרוימען, אידייען,
און גראָבט אוים אין האַרצן אַ „קרקע" . . .
און וויקלט זיי איין אין תכריכים פון „שמות",
און זאָגט נאָך זיי קדיש אין גראַמען, —
דאָס זיינען די לידער-פּאַפּיר'נע מצבות
וואָס פּלאַטערן אין האַרצן ווי פאָנען . . .

איינזאַמע, האַרצנס פּאַפּיר'נע מצבות,
אַנטבלויזט נישט די זעליקע שאצן,
וואָס זיינען באַהאַלטן אין תהום פון מיין זעלע —
די האַרפע — דאָס האַרץ קאָן נאָך פּלאַצן !
דאַן וואָלט דאָך אַ יעטווידער היימלאָזעס הינטל
ווילד אויסגעלעקט ס'בלוט פון די וואונדן,
געבילט און געשפּאָט פון אַנטשוויגענעם טרוימער
און טיריש זיין פּגר צעשונדן . . .

## כ״ווייס נישט . . .

כ׳ווייס נישט, — ווען און וואו געלעבט האָב,
צי אין לעבן, צי אין חלום, —
סיי־ווי־סיי ביזטו אַ חלום
לעבן מיינס געווען! . . .

כ׳ווייס נישט, — וואָס האָב איך געפרייט זיך,
נישט — פאַרוואָס האָב איך געליטן,
און צו־וואָס בליצט גליק אויך אינ׳ם
קינדערשן געווין? . . .

נאָר פון ערשטן פונק באַוואוסטזיין
ביז אין לעצטן לעבנס־חלום, —
גרויע, קאַלטע טעג ווי שלענג זיך
ציען נאָכאַנאַנד . . .

כ׳האָב געשטרעקט מיין זעל נאָך זון־גליק,
סהאָט געברענט מיין האַרץ נאָך ליבע, —
אויסגעשטרעקט און אויסגעפלאַמט ביין
איך בא . . . פוסטער וואַנט! —

כ׳ווייס נישט, — וועט דער טויט מיך פאַנגען
צי אין לעבן, צי אין חלום,
סיי־ווי־סיי ווער ער פאַרווישן אַן
אויסגעמישטן סוד . . . —

כ׳האָב געלעבט דאָך נאָר אין חלום,
און געטרוימט דאָס גאַנצע לעבן . . .
סיי מיין לעבן, סיי מיין חלום
אויסגיין אָן באַשייד . . .

## מיין וואָרט

איך האָב אַ גרוילאָך, פיינלאָך וואָרט,
פול שלאַנגענגיפט און העליש-בראַנד,
וואָס שטאַמט פון קין׳ס ברודער-מאָרד
און פלעקט, אַנטפלעקט אַ יעדנס שאַנד.
דאָך צוגעשמידט איז מיר די צונג
צום גומען, און איך שוויַיג פאַרקלעמט:
עס וואָלט מיין וואָרט דעם ערשטן מיך
געקרייציקט און פאַרלענדט ! . . .

## כביכול׳ס טעות . . .

און וואָס דו זאָלסט נישט טאָן, מענטש,
און וואָס איך זאָל נישט דענקען,
וועט אומפאַרריכט דאָך בלייבן
דער טרויעריקער גרייז;
נישט אַנדערש: בעת׳ן שאַפן
דעם ערד־שטערן, געווען איז
אין שווערער, שלעכטער שטימונג
דער אייביק־יונגער גרייז . . .

כביכול האָט אַ טעות געהאַט —
בין איך דען שולדיק ?
פאַר וואָס זשע זאָלן אָפּקומען
דו — איך פאַר פרעמדע זינד ?
פאַר וואָס דאָס גאַנצע לעבן
אונז ברענט דער ליידן־גיהנם,
דער גוף ווערט שטויב, דעם זעל־פּלאַם
פאַרלעשט דער טויטנווינט ? . . .

און אפשר איז דער גורל
פון אונזער אָרימען שטערן
צו זיין אַ אומגליק־מוסטער,
אַ פלוך אינם וועלטנקייט, —
צו וואָס זשע אונז, זיין פרוכט,
די פאַראוים שוין פאַראורטיילטע,
גאָר ברענען דורשט־געפילן
נאָך גליק און אייביקייט ? . . .

צי הייסט עס נישט, — געשפּאָט
פון דעם וואָרימס אַגאָניע
ווען אָן רחמנות אים
אַ גראָב-שווערער פוס צעטרעט ? . . .
און ווי דו זאָלסט נישט פרום זיין,
און ווי איך זאָל נישט גלויבן,
ווער בלייבן אומפּאַרענטפערט
דער טויט און לעבנס-שטרייט ! . . .

ווי היים דו זאָלסט נישט גלויבן,
ווי פרעך איך זאָל נישט לעסטערן,
דער אומזין פון די ליידן
און טויט בלייבט אָן אַ מאָס . . .
עס האָט נאָך נישט די העזה
דער קנעכט באַם האַר צו פרעגן :
„צי ווייסטו ווען פאַרריכטן
דיין שרעקלאַך-שווערן טעות ? . . . “

## שוימיקע פערזן

### 1

אָ מער וועסטו, רייצנד מיידל,
פון מיין ליבע נישט אַנטרינען ! —
נעם דאָס קריגל און מיט מיר קום
אין דעם גרינעם וואַלד, צום ברונעם.

פלינקער, שנעלער, שעפּ מיט ברען די
קרישטאָל-ריינע ברונימוואַסער
ביז צום ענד, ביז דו וועסט הייסער,
רויטער, ווערן און איך — בלאַסער . . .

לער דער גרונט שוין? פורכט ניט, שיינע,
וואַרט אַ ווײַלע, וועלן ווידער
שטורמיש אָנפילן דעם ברונעם
פרישע קוואַלן — וואַסער-לידער . . .

און נאָך בולט'ער נאָך ריינער
וועסטו אויסזען אין זיין שפּיגל ; —
האָסט דערפרישט, באַנייט דעם ברונעם,
אַלט איז ער בלויז אין דיין קריגל . . .

אָ מער דאַרפסטו דאָרשטיק מיידל,
פאַר מיין ליבע נישט אַנטרינען ! —
שעפּ מיט דורשט-ברען גליק און ליבע
פון מיין האַרצנס צויבער-ברונים.

ליב און טרונק — פיל ס׳גלוסט דיין הערצל, —
טרוקן וועט דער קוואַל נישט ווערן;
נאָר ביים אָפּשייד נעמען — בעט איך —
זאָל דיין אויג אין אים נישט טרערן . . .

ניט פאַר׳סם דעם קוואַל געבענטשטן,
וואו דו גליקלייך האָסט געפונען:
אַנד׳רע שיינע, גיריק-דורשטיק
וועלן שעפּן פון דעם ברונעם . . .

2

נישט יונג איז דער וויינשל-בוים, ליבםטע,
וואָס שושקעט אונז סודות פון ליבע,
נישט ס׳ערשטע מאָל וויים ער דעם פרילינג,
נישט איין מאָל שוין האָט ער געבליט;
און דאָך, — צי דאַריבער, — ווי זאַפטיק
און פליישיק-באַ׳טעמ׳ט זיינע פרוכטן,
ווי ברייט איז, ערפרישנד זיין שאָטן,
ווען עס שרפה׳ט די זון-היץ און גליט! —

נישט סערשטע מאָל, ליבםטע, צינד ליב איך,
נישט איין מאָל געבליט האָט מיין האַרץ שוין,
עס צאַפּלט נישט מער, נישט פאַרגייט זיך
פון דיינעמס אַ מינדסטן ריר . . .
דערפאַר וויים עס, ווי צו געניסן
די פּירות פון ליבע-ערפאַרונג . . .
שוין צייטיק די וויינשל, — שנעל, ליבםטע, —
ס׳קען ווער זיי נאָך רייסן פאַר דיר! . . .

## ליידנשאַפט

קוק איין זיך אין מיינע שוואַרץ־אַפּלען וואָס לענגער...
קינד, זעסט דאָרט צוויי פינקלענדע זיגלען?
צעשמעלץ מיט דיין קוק זיי, דיין הייסן און צאַרטן,
דאַן וועט זיך מיין סוד דיר אַנטפּלעקן, אויך דיין סוד
אין מיינע שוואַרצאַפּלען ט'זיך שפּיגלען...

ווען ביידע די סודות צענויפפלאַמען וועלן
אין ליידנשאַפט — ליבע פאַרלאַנגען,
קינד, שעמעוודיק־שטורמיש דריק ס'האַרץ דיינס צו
מיינעם
און טרינק אוים מיין גלוט און באַטרינק מיך מיט נחת,
ווי נאַכט־טוי — די טרוקענע זאַנגען...

און טראַכט מער פון גאָרנישט... ביז וואַן וועסט
דערשפּירן
די לאַנגזאַמע צייט קריכן ווידער...
דאַן קוש מיך באַזאַכט אין די אויגן, פאַרזיגל
מיט קוש זיי, זיי זאָלן קיין סודות דערציילן,
איין קוש נאָך — איך שלאָף שוין אַ מידער...

## — ? טראַגי־קאָמעדיע

פּוקט אין מח מיך די אַלטע, טריבע שאלה:
„וואָ סאיז לעבן ? זיין ? און טויג צו־וואָס מיין זיין ?“
שטראָמט פון האַרצן תשובה — (נאַריש, פאַלש צי וואר ?)
— שיין, — גוט, שלעכט איז ס׳לעבן, מוזטו, ווילסטו זיין !—

עגבערט מיך פול שרעק די אייביק־נייע שאלה:
„פאַרט וואָס איז דאָס לעבן ? פאַרט וואָס איז דער טויט ?“
ברויזט פון האַרצן תשובה — (כ׳ווייס ניט, פאַלש צי וואר ?)
— טויט באַנייט דאָס לעבן, ס׳לעבן לעבט אין טויט ! —

גליט מיין גאַנצעם וועזן מיט אַ פייער־שאלה:
„ווועמען, וואָס און ווי ליב איך מיט לייב און זעל ?“ —
זידט אין האַרץ אַ תשובה : (ציניש, פאַלש צי וואר ?)
— שיינע מיידלאַך ליבסטו היים מיט לייב און זעל ! . .

## פאַלנדע שטערן

און אַז ס׳וועט דיך פרעגן שטאָלץ פון הויך אַ שטערן,
„וואָס איז ליבע?" — בליץ מיט ליבע־אויגן, קינד! —
אָפּשפּיגלען זיי זאָלן: הימלען, שטערן, וועלטן,
אייביגקייט, פרייד, טרויער, גאָט און גלוסטנזינד...
זאָל אין זיי טיף ברענען, ס׳גהינום ווילדע תאוות,
זאָל אין זיי טיף שיינען, בליען דער גן־עדן...
באַוואונדערט? גאַפט דער שטערן? — קוש צאַרט מיינע ליפּן,
דריק מיך פעסטער, איינם זאָל ווערן פון אונז ביידן...
צווייפלט נאָך דער שטערן? שענק מיר גאָר דיין ליבע,
שליידער מיך אין תהום פון לעבנסגליק און זינד, —
דאַן מוז דאָך דער שטערן פאַלן אַ באַזיגטער,
ליידנשאַפטלאַך בענקענד נאָך אַ מענטשנקינד...

# 162 משה קארטאן

## בריף

זי האָט אַ בריף צו אים געשריבן:
„וואונדערבאַרער פויגל,
וועמ׳ס פליגל צאַרט-מעלאָדיש רוישן,
וועקן לוסט-פאַרלאַנגען, —
זיי וויסן, כ׳האָב פאַרשפּרייט מיין נעץ...
דו זעסט אַ גאָלדן שטייגל?
ס׳איז מיין ליבע, דאָרטן מוזטו
אייביק זיין געפאַנגען...
דרייסט פליסטו הויך, שטרייטסט העלדיש —
מיך, מיין ליבע צו באַזיגן,
גלויבסט טיף אין זיך, אין ווילנסקראַפט,
נאָר דו זאָלסט אויך געדענקען,
וויבאַלד דו וועסט דיין ציל דערגרייכן
זעלבסט באַזיגט דאַן ווערסטו,
און פון מיין גאָלדן ליבע-שטייגל
ווילד נאָך פרייהייט בייַנקען...
היט פאַר מיין נעץ זיך, וואונדער-פויגל
ווייל אַ שטייג דיך לאָקערט!
היט פאַר מיין ליבע זיך, דרייסט אינגל,
— ס׳גהינם דאָרט פלאַם-פלאַקערט!“...
ער האָט איר קורץ געענטפערט: „קינד,
דיין דראָהונג שרעקט מיך קנאַפּ.
נישט זאָרג פאַרן צוקונפט, פאַר מיין פרייהייט.
— האָב מיך שטאַרקער האָלד!
איך גלויב, דיין ליבע וועט קיינמאָל

פאַר מיר אַ שטייג נישט זיין,
אַ פרייער פויגל וועל איך בלייבן,
דו — אַ גרינער וואַלד! — —

— — — — — — — — — — — — —

אַ פייגעלע קליין און באַשיידן
זינגט, צווישטשערט פון שטייגל אַרויס:
„אַז וואויל איז צו דעם, ווער ס'איז גלויביק,
און קיינמאָל נישט, קיינמאָל אַנטוישט,
און פון יעדעס קאַלט־וואַסערדיק טרוימל
ז'באַגייסטערט און ווייניק באַרוישט“ . . .
אַ פייגעלע קליין און באַשיידן
זינגט טרויעריק אַ לידעלע אויס . . .

## מיין גאָלדענער שליסל

מיין גאָלדענער שליסל באַלאַנגט שוין צו דיר,
נישט אויפשליסן וועל שוין אַ זייטיקע טיר,
מיין גאָלדענער שליסל רינגט־פלאַטערט אין דיר,
טיף רעטעניש שלאָס פון מיין לעבן!

דיין גאָלדענער טויער מיר צוימט אויף אַ וועג
צום שטראַלנדן היכל פון ליבע־גנעיעג,
וואו זוכן, געפונען איך טאָר נישט, איך מעג
מיין זעל אין דיין לייב צו פאַרוועבן . . .

# 164 משה בארטאַן

## זיי מיר מוחל!

זיי מיר מוחל, מיין נשמה,
זיי נישט דן דיין קנעכט צו שלעכטן,
פאַר זיין האַרץ, וואָס היינט דיך בענטשט עס,
ווען געשאָלטן האָט עס — נעכטן...

כ'האָב אַ האַרץ, איז דאָס געגליכן
צו די וואָלקן פונם הימל, —
ס'בייט זיך וואונדערש יעדער ווײַלע:
ס'איז אַ שלאַנג און ס'איז אַ בלימל...

אָט זעסטו מיר אוים אַ שוועסטער
הייליק-טריי, אַ ליבע נחמה,
און אָט דוכט מיר — ביזט אַ „לילית"...
זיי מיר מוחל, מיין נשמה!

זיי מיר מוחל, לילית-שוועסטער,
כ'בענטש און שילט דיך ביים געזעגנען,
ס'וועט דיין שאָטן דורכקרייצן
מיינע טרוימען, וואַנדער-וועגן...

## גרענעצן

מיין האַרצנס ליבסטעם האַרץ! . . .
איך לייען דיין ליבעם בריוול, —
האָסט פאַרטרויט מיר נאָך אַ סוד,
דיין הייסעסטן פאַרלאַנג, —
וואָלסט וועלן, אַז דאָס לעבן אונזערס
זיין זאָל אָן אַ גרענעץ,
אָן אַ סוף זאָל פלאַמען, קלינגען —
ליבע, פרייד-געזאַנג . . .
דו דענקסט, — די וועלט-סיסטעם נישט פאָלקאָם איז
אין גרונט באַגרענעצט איז:
ליבע גרענעצט זיך מיט שנאה,
גליק — מיט שווערער נויט,
און פרייהייט — מיט דער תפיסה . . .
אַלעס, אַלעס האָט אַ גרענעץ, —
ליכט און לעבן גרעניצן זיך,
מיט פינסטערניש און טויט . . .
מיין ליידנד קינד, דיין בליק איז בלינד,
כאָטש ד׳אויגן מיך פאַר׳כשופ׳ן, —
גרענעצן מוזן זיין, — דעם אומגליקס גליק
אין דעם דאָך ליגט,
מעג ווי שאַרף און ברענענד גליען
ליידן אונזערע וועזנס,
לייכטער ווערט מיר צו פאַרטראָגן אַלץ,
דען מיר ערבליקט
דער סוף, די גרענעץ . . . אַ ווי גרויזאַם,

שווער וואָלט זיין דאָס לעבן,
ווען דער טויט זאָל עס נישט גרענעצן,
ווען די ערד נישט קילן
וואָלט די לעבנס־וואונדן,
די קאַנוואולסיעס ניט שטילן,
און ווען אַן אַ סוף דעם מענטשנס
לעבנסווייען בילן! . . .
די גרענעצן מוזן זיין! איך וויל דיר
אויך אַ סוד פאַרטרויען:
ביזט מיר טייער, ליב, ווי נאָענט מיר
ז׳מיין זעל, אַזוי לאַנג,
איך ווייס, אַז כ וועל פרי־שפּעט — מיט מיר,
מיט דיר זיך שיידן, גרענעצן,
ליב איך דיך און זיך אַזוי,
ווייל ס׳שיידן זיך טוט באַנג! . . .

# האַנדל

פאַר ליבע באַצאָל איך: פלאַם-גליענדע פערזן,
טעג פיבערשע, שלאָפלאָזע נעכט . . .
(און קיינמאָל בין איך ניט גערעכט . . .)
פאַר פריינטשאַפט — מיט אַכטונג, מיט ליבשאַפט און צוטרוי
(און קיינמאָל בין איך ניט גערעכט . . .)

פאַר פרייהייט באַצאָל איך מיט תפיסה און גלות,
כ'האַלט אייביק מלחמה פאַר רעכט;
(און קיינמאָל בין איך ניט גערעכט . . .)
פאַר לעבן, פאַר דעם וואָס איך אָטעם — מיט טויט-שטראָף...
(און קיינמאָל בין איך ניט גערעכט . . .)

פאַרן בלוטנדן האַרץ-ליד באַצאָלט מען מיר קליינגעלט,
אַ געגעניץ, אַ לאַך פול פאַרדעכט . . .
(דאָס הייסט ביי דער וועלט — זיין גערעכט . . .)
מיין קאָפּ, הויב זיך העכער! מיין האַרץ, קלאַפּ זיי שטאָל-
צער! —
דאָס הייסט ביי דער וועלט: זיין גערעכט! . . .

## קינדער-שפּיל

ערד און הימל, וואַלד און הימל,
לאַנגזאַם שליסט זיך זון אין שיידל;
וואו ז'דער אַנהויב און דער סוף וואו? —
איך נאָר בין אין מיטן רעדל . . .

איך נאָר בין אין מיטן רעדל
טיף-פאַרטיפט אין קינדער-שפּילן:
כ'בוי פון זאַמד און ליים פּאַלאַצן,
כ'בין אַ פּרינץ פון טרוים ווינט-מילן . . .

כ'גוועלטיק אויף אַ וועלט ווינט-מילן . . .
און איך שטרייט, צעשטער, שאַף ווידער:
שליסט זיך איין די זון אין שיידל —
שלים איך אויך זיך איין אַ מידער . . .

שלים איך אויך זיך איין אַ מידער
אין דער נאַכט-שוים, פריי פון זאָרגן,
פריי פון חלומות, שפּיל-מלחמות,
ביז ס'שיינט אויף דער רויטער מאָרגן . . .

צויבערט אויף דער זונענמאָרגן
ווער איך אויף איין בליק פאַרבלענדעט:
ערד און וואַלד און זון און הימל —
וואו ז'דער אַנהויב? וואו — די ענדע? . . .

איך נאָר בין אין מיטן רעדל
אָן אַ פּתרון . . . לאַנגזאַם נידער
בויג איך אָן זיך צו מיין וועלטל
און איך שפּיל אין זאַמד זיך ווידער . . .

## אַ דאַנק

מיין זעלם נאָך אַ ליבשאַפט — אַ נאַכט איז פאַרלאָשן,
מיין זוניקער זיין־טאָג אין פרייד־טרייב ז׳פאַרשוואונדן,
אַט פינקלט שוין ווידער אַ נאַכט פון מיין לעבן
און ס׳צאַפּלט מיין האַרץ נאָך אין וואונדן.

און ס׳וועלן פיל נעכט־טעג נאָך אויסברענען, אַשן
און לעשן דעם פלאַם פון געפילן, געדאַנקען,
און אויסלעקן מ׳טראָפן דעם לעצטן פון האַרצן,
און איך — וועל נאָר דאַנקען און דאַנקען.

כאָטש באַנג ז׳מיר מיין לעבן, וואָס טראָפנווייז טוט עס
צערינען אויף פרוכטלאָזע זאַמד און אויף שטיינער, —
כ׳געדיינק דאָך: פאַרהוילן פון מיר איז דיין אמת,
און מיין אמת ז׳קיינמאָל ניט דיינער.

און טיף אונטערטעניק פול אומרו און ווייִמוט, —
אין שטילע פאַרנאַכטן, פרימאָרגנס פול קלאַנגען, —
איך שעפּטשע: אַ דאַנק, נאָך אַ טאָג איז פאַרשוואונדן,
אַ דאַנק, נאָך אַ נאַכט איז פאַרגאַנגען.

## איך לייד

איך לייד ניט פון דעם, וואָס איך קליין בין און אָרים,
איך בין ניט מקנא דעם דיק־פּעטן וואָרים
וואָס זויפט, פרעסט נבלות און לעבט אָפּ צופרידן,
און וויים ניט פון זיין־און ניט־זיין אונטערשיידן;
זאָל יעטווידער מאַסנמילב רויבן באַזונדער
דער וועלט׳ס האָב און גוטס, זאָל אַ ווילדער און בלינדער
זיין אַנפירער, אויבער־האַר איבער די מיקן —
עס גייט מיך ניט אָן, כ׳וועל אן זייט שטיין און קוקן . . .

איך לייד בלויז פון דעם, וואָס מיין איינציק געווער,
מיין וואָרט און מיין ליד איז אַ פראַזע, ניט מער,
אַ אָפּקלאַנג אַ טויטער פון לעבעדיקן גייסט,
וואָס ברענט אין מיין זעל און דאָס האַרץ מיר צעררייסט
מיט ליידן־געדאַנקען, מיט צווייפל־פיין, ווייען. . .
עס שוועבן פאַר מיר לידער־פויגלשע רייען,
דאָך ווערן די טרערן פון יאוש ניט געמינדערט,
און ס׳האַרץ מיינס מיט ווינציקער אַ לייד ניט געלינדערט . . .

איך לייד און גיי אונטער, דען פרעמד איז אַ יעדן
מיין אינערלאַך לעבן, געדאַנקען און ליידן
מיין מאַמע איז פרעמד מיר, מיין קינד איז מיר וויים,
מיין פריינט מיין געליבטסטן געטויט האָט די צייט . . .
עס בלאָנקעט פול קימער אַרום אין גאָט׳ס שטייגל
אַ עלנדער יתום, אַ עלנדער פויגל,

און קלאַפּט מיט די וואונדפולע פליגלען אַן שטאַנג
פון לעבנסגעפענקענים . . . א, ודוי-קלאַנג,
דו וועסט אומבאַוואוסט אויך דער לעצטער פאַרבלייבן
פאַר אַל׳ מיינע טרייע און ליבסטע אין לעבן ! . . .

## וויי צו אייך . . .

וויי צו אייך, איר אַנפירערס פון שלאַכט,
ווען איר וועט רעכנונג אָפּגעבן דאַרפן ;
וויי צו דער פאַרברעכערישער מאַכט,
ווען זי וועט פאַרן משפט שטיין דעם שאַרפן !

עדות : די מיט קברים פולע ערד,
ימים בלוט, וואָס וועלן אייביק זידן,
דאָס פון טרערן-בלוט פאַרראָסטעטע שווערד,
די פאַרשוועכטע לעבנסרעכט און פרידן. —

וואָס וועט איר דען זאָגן, צייגן דאַן
אַנטקעגן אָט די שוידערהאַפטע רייען ?
ווי וועט איר פאַרטיידיקן זיך דאַן
אַנטקעגן דעם גיהנם לייד-געשרייען ? . . .

וויי צו אייער שווערער שולד, באַטרוג
וואָס איר באַגאַנגען האָט אַנטקעגן לעבן !
וויי צו אייך, איר אַנפירערס פון קריג,
ווען איר וועט מוזן רעכנונג אָפּגעבן ! —

## מיין זינד

„קלאָגסט זיך אויף דעם לעבן, לעסטערסט גראָב גאָטס ווילן,
ווילסט ניט טראָגן מער דעם צרות־קאָרב דעם פולן —
אוי, ווי מעג מען אַזוי זינדיקן, בלינד קינד?" —
ניין, מאַמע מיין בלינדע, פאַראירטע,
ניט דאָס — אָ, — ניט דאָס איז מיין זינד!

כ'בין מיט דעם נאַר זינדיק, וואָס דעם פרעכן שקר —
אומרעכט־לאָסט פונם לעבן — טראָג איך ווי אַן הויקער
אונטערטעניג־שטום, ווי גלייך דאָס איז מיין שולד . . .
מיין זינד, — אויב אַ זינד איז פאַראַן נאָר, —
באַשטייט אין מיין קנעכטיש געדולד! . . .

אַנגעלאָדן שפּאַן איך, ווי אַ שטומע בהמה,
אַן פּראָטעסט, אינם יאָך פון אומגליק, נויט און אימה,
מאַכטלאָז איז מיין ווילן, טעמפּ און טויט — ס'געפּיל . . .
מיין זינד, אויב אַ זינד איז פאַראַן נאָר, —
באַשטייט אין מיין ליידן אָן ציל ! . . .

כ'ווייס, — די וועלט, דאָס לעבן לויערן אַלץ טיראַניש,
אין דאָס „גליק" איז נאַריש, און דער „אמת" ציניש . . .
דאָך ז'מיר ליב די וועלט און לעבן גלוסט איך בלינד,
און כ'נאַר זיך מיט האָפנונגען פאַלשע . . .
אָט דאָס, אַך, אָט דאָס איז מיין זינד! . . .

ווערטער, פראַזן, — נשמה־זנות . . .
אָ, ווי העסלאַך ס'איז ! —
האָסטו, פריינט, געליבט, געהאַסט, —
שטום פאַרטראָג דיין לאַסט.

קיינער זעט סיי ווי נישט, ווער
ס'קילט מיטן האַרץ די ערד ;
קיינער ווייסט נישט, פריינט, דיין יאָך,
נישט דיין האַרצנסבראָך.

נישט אַנטבלויז דער גאַס דיין וואונד, —
אַ גאַס האָט שמוץ און שונד . . .
ליב דאָס עלנד, זיי אַליין,
טרויער טרוי דעם שטיין. —

שטום ווי ער, בלייב קאַלט און האַרט,
קרעכץ נישט אוים קיין וואָרט : —
ווערטער . . . פראַזן . . . נשמה־זנות . . .
אוי, ווי מאוס דאָס איז ! —

## 174 משה באַרטאַן

### אַנהויב פרילינג אין געפענקעניש

1

„קום צו מיר אויף חנכת־הבית“, —
טרילערן פויגעלאַך לוסטיק אין לופטן, —
דען דער ווינטער־טרי־לי! — שוין פאַרביי איז,
און דער פרילינג איז דאָ שוין מיט דופטן“.

כ׳וויים, איצט פייערט „חנכת הבית“
יעדעס האַרץ וואָס איז פייאיק צו ליבן,
און דאָס אַלטע פאַרבייט זיך אויף נייעס,
און עס ווערט פון דעם לעבן פאַרטריבן . . .

אויך איך פייער חנכת הבית:
כ׳שמאַכט אין תפיסה דער נייער געבונדן,
דאָך די אַלטע האָב נאָך נישט פאַרגעסן, —
אָ, איך פיל זי אין האַרץ אין די וואונדן! . . .

2

וועק אויף אין מיר די האָפנונג, בלייכער מאָרגנשיין,
כ׳וואָלט וועלן כאָטש איין רגע אָטעמען לייכט, פריי!
שענק מיר איין פרייהייט־שטראַל, פאַרטרייב מיין שווער געמיט,
איין רגע, לעבן מיינס, זיי מילד צו מיר, געטריי! —

איין רגע זאָל איך קיינעם מער נישט מקנא זיין:
דעם, וועמען ס׳גיבט דאָס לעבן פרייהייט, גליק אומזיסט,
דעם פויגל וואָס זיך באָדט אין בלויען רוים פאַרטרוימט,
דעם וואָרם וואָס פריי קריכט, זיך פאָרפלט צווישן מיסט . . .

איין רגע זאָל איך ליבן, געניסן פרייהייטס-פרייד,
פאַרדרוס נישט וויסן, ס׳זאָל נישט פלאַצן ס׳הארץ, די גאַל;
איין רגע זאָל איך לעבן מיט דער פולער ברוסט —
וועק אויף אין מיר די האָפנונג, גאָלדנ׳ער זונענשטראַל !...

3

. . . פלוצלינג איז מיין האַרץ געוואָרן
אויפגערעגט און ווי דערשראָקן
אומרואיק האָט׳ס אָנגעקלאַפּט מיר:
„כאַפּ זיך אויף — אַ גרויס געוויטער!“
איך הער זיך צו אַן אָנגעשטרענגטער, —
וואָס האָט דען געקאָנט זיך טרעפן
אין מיין וויסטער איינגער תפיסה,
וואו די שפּינען זיכער שפּינען
זייער שפּינוועבס און פאַרוועבן
די פאַרלאַנגען, האָפנונג, טרוימען
נאָך אַ פריי און גליקלאַך לעבן ?
נאַריש האַרץ, דו האָסט גענאַרט מיך ! —
דאָך האָב מיט אַמאָל דערפילט אין
מיינע אָדערן הייסע שטראָמען,
וואָס צעשפּאַרן שטורמיש ס׳אייז-דעק

פון מיין האַרצנס קאַלטן ווינטער . . .
און איך הער, יאָ, כ׳הער און פלאַטער,
ווי עס קראַכט און קנאַלט דאָס אייז-דעק,
און ווי פרישע קוואַלן וואַשן,
רייניקן דאָס האַרץ פון פסולת . . .
איך, דערפריי זיך און דערשרעק זיך :
גאָט, מיין גאָט ! ס׳זאָל זיין דער פרילינג ?
איין מאָמענט — איך שפּרינג אַרום שוין,
כ׳זינג און וויין ווי אַ פאַרריקטער . . . .
— — — — — — — — — — — —

מיד, פאַרקלעמט ליג איך שוין ווידער
אויף מיין האַרטן תפיסה-בעטל
און איך טראַכט, איך מוז דאָך זען,
באַגריסן מ׳ליבן מילדן פרילינג !
שטיל, פאַרטרוימט, ווי אָן מיין וויסן,
האָב איך אויפגעראַמט דאָס חדר,
אָפּגעווישט דעם שטויב און שפּינוועבס
און געפּוצט זיך ווי אַ חתן . . .
און פאַרבענקט ווי אַ פאַרליבטער
בין איך צו צום קליינעם שויבל,
וואָס איז רונד אַרומגעזוימט מיט
שימל און מיט טויטע פליגן, —
אין דעם שייבל האָב איך דורשטיק
איינגעפּרעסט מיין הייסן פּנים,
כ׳האָב די ווייט געטרונקען פיבעריש
און געפּלייסט זיך זען נאָך ווייטער . . .

נאָר מיין ווייט באַשרענקט איז פון
בית-עולם באַרג וואָס קעגנאיבער,
ווערט מיר ווייטאָקלאַך, פאַרדריסלאַך:
כ'שעפּ דאָס גליק גאָר פון בית-עולם?
דאָך ווי גרין איז ער, צוציענד —
לעבעדיקער פון מיין תפיסה!

כ'וואָלט איצט גערן זיך געפונען
אויף דעם גרינעם באַרג — בית-עולם . . .
און פאַרקרימט פון טיפן צער,
און פאַרקלעמט פון שווערן אומעט
און פון בענקשאַפט שטרעק די הענט איך,
און די הייסע ליפן שעפּטשען,
כ'ווייס אַליין ניט — פלוך צי תפלות . . .
מיט אַמאָל געוואָרן פינסטער
איז מיר אין די אויגן און אַ
טרערן-שטראָם האָט מיך באַגאָסן
און פאַרנעפּלט אויך דאָס ביסל
גרינס און לעבן פון בית-עולם . . .
כ'בין אַנטלאָפן פון דעם שויבל
אַ פאַרשעמטער, טיף באַליידיקט:
ס'האָט געדוכט מיר, אַז דער פרילינג
האָט פון מיר אַ שפּאָס געמאַכט. —
ער האָט דעם ערשטן שוואַרצן וואָלקן
און דעם ערשטן פייער-שטורם
אין מיין האַרצן אויסגעלאָדן . . .
אויפגערייצט און אויסגעלאַכט מיך

פאַר איין קוש אַ וואונד געלאָזן
און איז ווי אַ טרוים פאַרשוואונדן . . .
— — — — — — — — — — — —

מיד, צעבראָכן, אָן פאַרלאַנגען
ליג איך ווידער אויפן בעטל,
און איך הער ווי ס׳פייפט אין קוימען
לוסטיק, שטיפעריש דער פרילינג . . .
כ׳וויים, דאָס מיינט ער מיך צו רייצן,
וועקן, רופן מיט זיין צויבער ;
אָ, מער וועסטו מיך נישט נאַרן,
כ׳וויים די ווערט שוין פון אַ חלום ! . . .
פלוצלינג האָט אַראָפּגעלאָזט זיך
אויף אַ דינעם שפּינוועבס-פאָדים
איבער מיר אַ וועבער-קינסטלער
און געזאָגט צו מיר אַזוי :
— איך בין אַ שפּין . . . פאַרהאַסט פון יעדן,
מ׳וואָלט מיך טויטן אום יום-כפור . . .
און איך ליב אפילו — פליגן,
שפּאָט ניט, מעגסט מיר הייליק גלויבן ! —
כ׳קלאָג דעם גאַנצן לאַנגן ווינטער
אויף די אויסגענאָגטע פליגן,
כ׳וואָלט מיין טרויער נישט פאַרטראָגן,
נאָר איך גלויב אָן . . . תחית המתים.
כ׳וואַרט און האָף, אַז מיט דעם פרילינג
וועלן לעבעדיק אויך ווערן
אַלע פליגן . . . אָט דאָס גלויבן

שטאַרקט מיך אין די שלעכטע צייטן !
נעם, בן־אדם, זיך אַראָפּ
אַ מוסר, ווי צו האָפן, גלויבן ! . . . —
און מיט אַקראָבאַט־געשווינדקייט
איז די שפּין אַרויף צום באַלקן — — —
— — — — — — — — — — — —

כאַ, כאַ, כאַ ! עס שפּאַרן ספּאַזמען
מיך פון גאַליקן געלעכטער, —
„שפּינעגליבע . . . שפּינענגלויבן
אין דעם אויפשטיין פון די טויטע . . . "
כאַ, כאַ, כאַ ! איך ליב און גלויב שוין
אָן דעם אויפלעבן פון פליגן, —
שלאָג זשע, האַרץ, מיט זיסער האָפנונג,
איך וויל ווידער האָפן, וואַרטן !
פייף דו ווינט, אין קוימען שטאַרקער,
לייג און זאָג מיר צו — חלומות,
נאַר מיך, פרילינג, איך וועל ווידער
איך וועל נאָכאַמאָל דיר גלויבן ! . . .

## עפּעס וואָס האָט זיך געביטן . . .

עפּעס וואָס האָט זיך געביטן
אינם אַרום, —
דאָס וואָס גלייך געווען איז פריער
הייסט איצט — קרום.
עמיץ האָט געטוידט די האָפנונג
פון דער צייט,
און דאָס גלויבן ריכט אָפּ גלות
ערגעץ ווייט . . .
עפּעס ציט די שרעקן-נאַכט זיך
אַזוי לאַנג,
ווילדע גייסטער ווערן, שטערן
איר פאַרגאַנג . . .
בייזע רוחות גרענצלאָז הערשן
אויף דער ערד,
און דאָס וואָרע וואָרט פאַרביטן
האָט דער שווערד . . .
עפּעס-וואָס האָט זיך געביטן
אינם וועלט-רוים, —
דאָס אַלטע גוסס'ט. ס'נייע שאַפט זיך
נאָך אין טרוים . . .
דאָך שניידט דורך ווען ס'פינסטערניש
אַ בליץ, אַ שטראַל,
און די פרילינג-לופט שוין דופטעט
איבעראַל;
דאָך אין האַרצן וועבט זיך, בליט

אַ נייער סוד,
און די זעל איז גרייט שוין צו
עמפּפאַנגען גאָט . . .
פאַר דעם גאָט, דעם אייביק-נייען
פרייהייט-האַר,
בויט זיך לאַנגזאַם שטאָלץ אין האַרצן
אַן אלטאַר ! . . .

## צו עשו'ן

### 1

דאָס געוויסן איז אַ פּלאָג
פאַר פריינט,
און אַ פוסטער טויטער קלאַנג
פאַר פיינט . . .
זאָג, פאַר וואָס זשע לייד איך, פריינט,
ווען כ'האָס,
ווען דיין טעמפּער שטאָלץ צינדט אָן
מיין כעס ? —
צי דערפאַר, וואָס איך גאָר ליב
אַ פיינט,
און דו, טיף־צעפרידן האָסט
אַ פריינט ?
ווי עס איז שוין, — זויגט מיין בלוט
אַ שלאַנג,
נאָר פאַר דיר ז'מיין לייד און וויי
אַ קלאַנג . . .

### 2

האָב אויף מיר נישט קיין רחמנות,
וואַרף מיר מער נישט ליבע־ביינער, —
ניחא'ר איז מיר, זאָל די מיטלייד
קריצן צווישן הינטיש ציינער . . .

## 3

און אַז דו וועסט פון דער ווייט
שטיין און קוקן אָן מיין זייט
מיט אַ פרעכן בטול־שפּאַס, —
שטום וועט זיין מיין ליבע, האַס.

ס׳וועט מיין האַרץ בלויז ווערן שווער
פון באַליידיקונג, פון וויי,
און אַ טרער, מיין ברענענד טרער,
לעשן וועט דיין שפּאַס — מיין וויי . . .

## 4

ווייז אויף מיר אָן! טייטל מיט די פינגער!
לאַך, דו זאַטער, פון מיין הונגער!
צייג דיין הויך, מיין נידריק פאַלן,
נאָר געדענק, איך האָב אויך פיילן!

מעגסט ווי אויסמיידן, מיך ווייכן,
אומעטום וועט דיך דערגרייכן
דאָס גיפטיק פייל פון נקמה־זינגער . . .
טייטל, טייטל מיט די פינגער! . .

## 184 משה בארטאָן

### 1. צייט־מאָטיוון

אפילו ווען ס'הייטל ז'פאַרצויגן, —
די וואונד אָבער ווייטאָקט נאָך, ברענט . . .
מיין פריינט, אויב דו גלויבסט נאָך אָן מענטשן,
נאָך הילף שטרעק נישט אוים דיינע הענט

דען לייכטזיניק קאָן ווער פאַרשפּריצן
דיין פּנים מיט זידל און שפּאַס,
עס קאָן ווער אין האַנט דיר אַ וואָרף טאָן
אַ שמוציק „פּאַפּירל" מיט האַס.

אַ דריטער גוטמוטיקער כלל־מענטש
דיין האַנט וועט ביז ווי דריקן לאַנג, —
אָט דער איז נייגעריק צו זען,
ווי ס'קייקלט פון ווי זיך אַ שלאַנג . . .

אַ פערטער, דער טרעגער פון אָרדנונג,
וועט פרעגן ביי דיר אויף אַ „שיין",
(די צייט־ווערים, שרצים בלויז ווייסן
פון „שיינען" און נישט פון דער שיין . . . )

אַזוי זיך פאַרברידערן שטאַרקע
מיט שוואַכע, מיט אָרימע לייט . . .
אַנטלויף, פריינט, פון זייערע וועגן,
און מיטגעפיל־נדבות פאַרמייד!

דען סקאָן דיר דיין וואונד ברענענד שמאַרצן
ווען ס'הייטל ז'פאַרצויגן געוואָרן . . .
אָ, צער! וועסט נישט אויסלעשן קיינמאָל
פון האַרצן דעם ברענענדן צאָרן ! . . .

## 2. די מענטשן . . .

די מענטשן, ווי וואונדערבאַר זיינען ! —
עס האָט ווער געשענקט זיי אויף איין אויגנבליק
אַ וואונדערשיין לעבן פול ליבשאַפט און גליק,
און שטאָט צו געניסן פאַרכלינענד זיין-פרייד
געאייניקט מיט אַלעם — זיי שאַפן פיין, לייד,
און אוצרות — מיט לעבנס פאַרברענען ! . . .

ווי אומגליקלאַך זיינען די מענטשן ! —
די הערצער — זיי לעכצן נאָך ליבשאַפט — און האַסן
געקאָרטשעט פון ווייען די ליידנדע מאַסן, . . .
זיי בענקען נאָך שיין פון אַ פלאַמענגעזיכט,
און לעשן אכזריש דאָס צאַנקנדע ליכט,
דען אומגליקלאַך זיינען די מענטשן ! . . .

געעררט זיינען מענטשן פון זינען ! —
די פורכטיגסטע שרעק אינם לעבן — ז'דער טויט;
דאָך דינט מען אים פרייוויליג, קנעכטיש, אוים נויט...
אומצאָליקע פאַלן קרבנות און זונקען
אין ים פון פאַרגעסונג, אויף אייביק דערטרונקען...
אָ, מענטשן רחמנות פאַרדינען ! . . .

## 3. מיר יאָגן אום . . .

מיר יאָגן אום פאַרצווייפלט און פאַראירט, —
אַ טשערעדע וואָס בלאָנדזשעט אָן אַ הירט,
און איינער מ׳צווייטן בייגלן . . .
דער לעבנסוועג — ווי גרויס איז, ברייט און לאַנג!
דאָך איינער מ׳צווייטן שטערן מיר דעם גאַנג
און שעפּסיש — זינלאָז איילן . . .

מיר יאָגן אום מיט הערצער איבערפולט
פון האַסנגיפט און ווילדע העצנשולד
צו יעדער לעבנסוועזן,
וואָס קעמפט בלויז פאַר זיין נישטיק מילבנצוועק,
און רויבט דעם חבר׳ס לעבן, גליק אַוועק
און ס׳ליידט נישט זיין געוויסן . . .

מיר יאָגן אום . . . און יאָגן וועסטו לאַנג נאָך,
אָרימער מענטש, פאַרקלעמט אין אומגליק-צוואַנג
פון צייטן טיריש-טריבע, —
ביז וואַן סט׳ערלייזט ווערן פון שנאה-פעסט,
ביז וואַן אַן אויסוועג דו געפינען וועסט
און רעטונג — אין דער ליבע . . .

ביז וואַן דיין גייסט וועט פינדן דעם יסוד
פון פרידנלעבן און פון ליבע — מ׳סוד,
אַזוי לאַנג וועסטו פראָסט גלויבן
אינם צוקונפט, ליבע אייביקע פאַר דיר . . .
און דענקען טריב: איין רגע ליבן מיר
און האַסן ס׳גאַנצע לעבן! . . .

# אין אַ אויסגעשטערנטער נאַכט

(ח. נ. ביאַליק׳ן, צו זיין יובילעי).

עס פינקלען אין שטיל פון דער נאַכט
חיילות פון הימלשע אויגן
און צינדן אין שטיל פון מיין זעל
חיילות פון ליכטלאַך-געפילן,
און פילן אָן צויבעריש איר רוים
מיט מיסטישן אינהאַלט און שוידער
מיט בליצן-געדאַנקען — מיין זינען,
וואָס פליען אָן וואָג און אָן פליגל . . .
און כ׳פרעג אין עקסטאַז ביי מיין זעל ,
מיט הייליקן פחד, זי פרעג איך :
איז אמת, אַז שטערן פיל, וואָס
מיר לויכטנדע וועג-ווייזער זיינען,
און צינדן אין איר אָן די לוסט
צו שיינקייט און אייביקן אמת —
שוין יאָרנלאַנג זיינען צעשטויבט
און גאָרנישט און לאַנג שוין פאַרלאָשן ?
איז אמת ,אַז זונען און גייסט,
פאַרוויקלטע וועלטן-אידעען,
וואָס האָבן נאָך פאַר מיר געשיינט,
באַגלייט פיל קייטן פון דורות,
און וועלן נאָך שיינען נאָך מיר
און שאַפן ניי לעבן און ווערטן —
יאָר-טויזנטער זיינען שוין טויט,

פאַרלאָשן, פאַרשוואונדן אין עטער ? . . .
עס פלאַמט אין מיר אויף אַ געדאַנק
און לעשט זיך אין קוילן פון ווערטער :
אַזוי וועט אויך טרעפן מיט מיר,
מיט מיין זעל און פייערל-שטערן ; —
ווען אויפזידן וועלן אַמאָל מיט גאַל
מיינע טרערן ביי וועמען,
וועל איך שוין פאַרשטיינערט און קאַלט,
אין שטויב און אין אַש זיך פאַרוואַנדלען ;
ווען מיין וואונד-און-וויי וועט אַמאָל
אַ פרעמדנס אַ האַרץ דורכשניידן,
וועט בלייבן פוסט, רואיק מיין האַרץ,
— עס האָט דאָך שוין לאַנג זיך צעריסן . . .
און זאָל מיין געדאַנק און געפיל
אין עכאָס ביי צווייטן אָפּקלינגען —
וועט ליגן טויט-שטום ערגעץ-וואו
מיין גוף שוין צעאַשט און פאַרלאָשן . . .
ס'שניידט דורך נאָך אַ בליץ-פלאַם מיין זעל
און לעשט זיך אין קוילן פון ווערטער :
דער גורל פון מענטשן און וועלטן
אין פילעם איז ענלאַך, איינהייטלאַך, —
פאַראַנען פיל שטערן וואָס פאַלן
און לאָזן קיין שפּור ניט אין וועלט-רוים,
דען אויך אין דעם זיין האָבן זיי
קיין אייגענעם שיין ניט פאַרמאָגט . . .
פאַראַנען פיל מענטשן ווי שטערן,
וואָס לעבן און ליידן און פאַלן,

אָן זין און אָן ציל, אין דער פינסטער,
און לאָזן קיין שפור ניט אין לעבן . ..
זיי לייכטן זאָל שטענדיק מיין גייסט,
מיין ליבע, וואָס גאָט האָט געשענקט מיר,
און טיילן מיט זיי זאָל מיט האַרץ איך,
מיט לעבן ביז סוף פון מיין זיין ! . . .

## מיין האַרץ

וואונדערלאַך באַשאַפן האָסטו, גאָט, מיין האַרץ, —
ווי מען קלינגט דאָרט אָן, רופט׳ס אַזוי זיך אָפּ:
פאַלט אין דעם אַ שטיין — וואַרפט עס צוויי צוריק,
פאַלט אַ בלום — פאַרפלייצט עס מיט דער זעלבער גאָב.

ליבט אים ווער אַמאָל — ליבט עס טויזנט מאָל,
און דעם מינדסטן פיינט רודפ׳ט עס און שעלט;
פאַר אַ בליק פון גליק — גליקט עס דאָפּלט אָפּ,
פאַר אַ טראָפּן סם — סמ׳ט עס גאַר די וועלט . . .

פון אַ קערנדל, סיי פון גוטס, סיי — שלעכטס,
שפּראָצט און בליט דאָרט אויף אַ געדיכטער וואַלד,
פליט אַדורך דער טויט — שוואַרצט זיין שאָטן דאָרט,
פון אַ שד, אַ מלאך — שפּיגלט עס אַ געשטאַלט . . .

הויבט זיך אויף מיין זון — שיינט עס אויך מילד אויף,
פאַלט מיין שטערן — פאַלט עס מיט צום תהום אַראָפּ;
וואונדערליך באַשאַפן האָסטו, גאָט, מיין האַרץ,
ווי מען קלינגט דאָרט אָן, רופט׳ס אַזוי זיך אָפּ . . .

## ש. אַנס—קין

### א

קינדער! רייסט איבער די שפּיל אויף אַ ווײַלע,
ענג רינגלט אַרום'עט דעם גאַס־בעטלער, זינגער, —
אַט ציט שוין אַרויס ער פון שײַדל זײַן פידל,
אַט ציען אויס טענער די פיבערנדע פינגער . . .

און לאַנגזאַם זיך ציען, זיך פלעכטן און וועבן
אַ ריי פון לעגענדן, חלומות . . . דאָרט לעזן
זאָלט איר, מענטשנקינדער, מיט הארץ, דין־וחשבון
פון דעם, וואָס אַ מאָל, אַך, אַ מאָל איז געוועזן . . .

אַ מאָל איז געוועזן . . . אַ גאָט און אַ הימל,
און אונטער דעם הימל — אַ מבול פון וועלטן,
און יעדער וועלט־לעבן געלעבט האָט מיט אײן גאָט,
ס'האָט אײן זון געשײַנט איבער אַלע געצעלטן! . . .

געוועזן אַמאָל איז . . . אַ וועלטל מיט מענטשן,
סײַ גוטע און שלעכטע, סײַ אָרימע, רײַכע,
סײַ קלוגע און דומע, סײַ קנעכט און סײַ הערשער, —
ס'איז קיינמאָל נישט, קיינמאָל געוועזן קיין גלײַכע! . . .

אַמאָל איז געוועזן . . . געקעמפט האָבן העלדן
אויס ליבע צו מענטשן, צו יעטווידער וועזן,
און גייסטער, נביאים, — צום אמת גערופן,
געשטרייט מיט דעם שקר, געהאַסט אַל'דאָס בעזע! . . .

גערוען אַמאָל איז . . . דאָס וואָרט אַזוי הייליק,
דאָס לעבן — פול אינהאַלט, די ליבע — פאַרגעטערט,
און ברענענד — די דורשט און דאָס שטרעבן נאָך פרייהייט...
אַמאָל איז געוועזן — וואָס איצט איז צעשמעטערט ! . . .
— — — — — — — — — — — — — — — — —

געווען איז אַמאָל אויך אַ עהרלאַכער שמיד-מאַן,
וואָס פלייסיק פלעגט שמידן די גאָלדענע גלעקער
פון ווערטער און בילדער . . . אַצינד, ליד, זאָג „קדיש“
נאָך אָנס—קי'ן דעם שמיד, דעם משורר און וועקער ! . . .

ב

„גהינום“ ! ביזט שוין מער קיין בילד,
אַ חלום-שרעק, וואָס שרעקט פון ווייט
די קליינע קינדערלאַך אין שלאָף . . .
געקומען „אשמדאי“, ז'דיין צייט ! . . .

דעם דיכטערס גייסט אין שאַפונגס-ברען
געשאַפן האָט אַ שפּאַס און שפּיל,
וואָס פאַראַדירט דעם מענטשנס „זיין“,
זיין טאַט, געדאַנק און לעב-געפיל . . .

און וואונדערבאַר ! — מיט צויבער-קראַפט
פאַרוואַנדלט האָט זיך אַלץ באַזאַכט
אינם ווירקלאַך לעבן, אויף דער וואָר . . .
דער גיהנום-שפּאַס לעבט אויף, ערוואַכט !

דאָס טייפלש בילד פאַרקערפּערט זיך
אין בלוט-און-פלייש, און דרעשט, צערייסט
זיין שעפּערס זעל . . . און דריקט, דערשטיקט,
פאַרלעשט זיין לעבעדיקן גייסט . . .

— — — — — — — — — — — —

פאַרלאָשן שוין אויך אַנ—סקי׳ס זעל,
דערשטיקט פון העליש-רויך, פון האַס . . .
געקומען „אשמדאי“ ז׳דיין צייט ! —
„גיהנום“, ביזט שוין מער קיין שפּאַס ! —

## אַן ארץ ישראל צווייגל

דו ביזט גענומען און געשיקט
פון ציונ׳ס שוים — אַ גרוס דעם שקלאַף,
וואָס שמאַכטעט, צאַנקט אין שקלאַפנלאַנד
און ליגט אין גלות אימער שלאָף.

און — וואונדערבאַר ! — וויבאַלד דיך זעט
דאָס פינסטער אויג פון שטומען קנעכט —
דערלויכטערט ווערט עס אויף איין בליק
אין צויבער־רינג פון גלות־נעכט . . .

און רירט דיך אָן זיין ציטערנדע
און בלאַסע האַנט — דאַן מיט אַמאָל
ווערט פון דער האַנט אָן אייזנפויסט,
און ס׳גיסט דער פויסט זיך אָן מיט שטאָל . . .

און לייגט ער צו, דיך, דאַרע צווייג,
צום טרוק׳נעם טויטן האַרצן — באַלד
לעבט אויף — ווי אַ פעניקס — ס׳טויטע האַרץ,
רייסט אויף אַ שטורם דאָרט ווי אין וואַלד.

דאַן הערט ער אַ געהיימע שטים:
„גיי אונטער, הענקערש־שקלאַפיש־לאַנד !
פאַרשאָלטן זיי אויך נאָכן טויט,
פאַרשלונגען זאָל דער תהום דיך, שאַנד ! —

גערבענטשט זאָל זיין דאָס גאולה-לאַנד,
דער גאָלד'נער, ליבער, אַלטער טרוים,
וואָס יעדעס קנעכטיש הארץ באַלעבט . . .
געבענטשט זיי צווייגל מיט דיין בוים ! —

## רעזיגנאַציע

שווער און טרויעריק איז דאָס לעבן,
פול אַנגסט און לייד זינט אור-באַשאַף :
כ'האָב קיין טענות מער צו קיינעם,
כ'וואונש מיר נאָר אַ גרינגן סוף. —

זאָל מיין גוף צולאָסט נישט פאַלן
אויף אַ צווייטנס האַנט און פליכט,
לאַנג נישט רויכערן, נישט צאַנקען
זאָל מיין איינזאַם נשמה-ליכט.

און אויב ס'וועט מיך „מלוה-מת" זיין
אַ באַקאַנטער צי אַ פריינט,
וואָלט איך בעטן : נישט באַדויערן
מיין קראַנקן נעכטן, טויטן היינט.

נאָר אין זיך פאַר מיר אַ טראַכט טאָן :
„נאַריש מענש, אַלץ-איינס אַצינד, —
סיי שווער דאָס לעבן, סיי גרינג דער סוף,
אַך, אַלץ פאַרלעשט דער טויטנווינט ! . . ."

## „הער און זע און שווייג!“

און אַזוי האָט שטרענג געזאָגט צו מיר מיין זעל: —
איך פאַרלאַנג, באַפעל —
נישט זינדיק מער מיט דיינע לעפצן,
נישט מיט דעם געשריבענעם וואָרט!
סיי אַזוי און סיי אַזוי באַגייסטו האָפט אַ שווערן מאָרד
איבער, — דיר די אָנפאַרטרויטע, — סודות, טרוימען, זיפצן...
צוגעשמיט זאָל זיין דיין צונג צום גומען,
און דאָס וואָרט — געפּענטעט האַלט אין שטייג —
הער און זע און שווייג! —
און ווען דו דרינגסט אַדורך צו די אוצרות פון מיין הייליגטום
און ווערסט דער איינציקער גאָס-עדות —
פון מיין אינערלאַך אינטימן לעבן,
פון די דינסטע טרוים-געוועבן,
פון מיין פאַלן שענדלאַך נידער,
מיין אויפהויבן זיך ווידער,
פון מיין וויימוט, פיין, געדאַנקען,
פון מיין שיינען, ברענען, צאַנקען,
און פון אַלעס, וואָס צינדט אָן זיך, לעשט זיך אין מיין היי-
ליגטום —
עדות! —
נישט מאַך פון דעם אין גאַס קיין רעדעס,
די צונג איז דאָך אַ פּלוידער-זאַק,
דאָס וואָרט — אַ גראָבע, שווערע, טעמפּע האַק! . . .
געדענק —
אין האַרצן אויסקריץ דעם באַפעל

פון דיין זעל :
ווען דו אַריינדרינגען וועסט אין מיין הייליגטום —
אַלעס פיל, פאַרשטיי און — שטום !
און מיט דעם בלאַסן, אָרימן און זונה׳דיקן וואָרט
זאָלסטו נישט באַגיין קיין מאָרד !
און מיט דער צונג נישט לייג ! —
הער און זע און שוויג ! . . .

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

נאָר איך הער און זע און שוויג נישט,
און איך פיל, פאַרשטיי און שטום נישט, —
אַלעס וואָס אין מיין נשמה איך באַגרייף, דערשפיר, —
מיט היץ, מיט ברען, ווי נאָר איך קען,
פאַרוואַנדל איך
אין ליימיקע געפאַרבטע פאַטשערקעס,
אין גראָבע, ניטגעשליפענע קאַרעלן-ווערטער,
און צוזאַמענקלייב זיי אויף אַ שנור,
און כ׳טראָג אַרום זיך מיט די בייטשן קאַרעלן,
מיט די גרילצנדיקע גלעזלאַך-פאַטשערקעס
אויף דער טומלדיקער גאַס,
ווען דאָס האַרץ נאָך וויינט,
די באַק — פון טרערן נאַס . . .

אַנדערש-ווען —
אויספאָלגנדיק מיין זעל-פאַרלאַנג —
וואָלט, מיין גולם —
אַ נישט אויסגעלאָדענער פון אינערלאַכן שטורם-דראַנג,
זעלבסט אויפגעריסן ; און צו׳אַש׳ט, צעשטויבט געוואָרן,
אונזיכטיג און אָן אַ מינדסטן קלאַנג . . .

## „צוויי מאָל צוויי“ . . .

אַכט-און-דרייסיק יאָר . . .   בערגלאַך קאַלטע אַש . . .
אונטער זיי, ווער ווייס, טליט נאָך וואו אַ קויל,
אַ לעבעדיקער פונק, אַ גאָלדן שענער טרוים,
אַ שמייכל פון אַ גליק, אַ צערטליך קינדיש קול . . .

אָ, כ׳צעפּאָרפל נישט מיינע אוצרות אַש, —
זאָל מיין האַרץ זיין קאַלט, זאָל מיין האַרץ זיין שטום . . .
כ׳ווייס אַז אַש בלייבט אַש, און אַ יוגנט-טרוים,
אויסגעלעבטע יאָרן קערן זיך נישט אום . . .

דאָך ווי עגבוירט מיך, קלעמט מיין זעל אַצינד:
וואָס האָב איך געלעבט ווי אַ ווילדעס טיר,
אָן אַ זין און ציל אויסגעברענט מיין ליכט,
זוכנדיק אַ גליק פון „צוויי מאָל צוויי איז פיר“? —

וואָס האָב איך מיין קראַפט און מיין לעבנספלאַם,
מח, האַרץ אַזוי נוצלאָז אומגעבראַכט?...
דאָך, די ליבע, צי דאָס לעבן איז אָן אמת
„צוויי מאָל צוויי איז פיר“ — קלער איך אַלץ און טראַכט.

צוויי מאָל צוויי — אָ, גאָט! איז חוץ דעם קיין אַנדער
אמת נישט פאַראַן. — צאַפּלט ס׳האַרץ אין מיר, —
נאָר אַ גרוב מיך וואַרט, צודעקן וועט ד׳ערד? . . .
איז די לעצטע שורה, מיין און דיין סך-הכל —
„צוויי מאָל צוויי איז פיר? “ . . .

## צו די פּאַרנאַס-דיכטער

איר זינגערס פון „ווין-פרוי-פרייד“ אויפן פּאַרנאַס-באַרג, —
וואָס קניטשט איר די אַקסלען, וואָס קרימט איר די נעז ?
עס קלינגט נישט, עס שמעקט איך נישט פיין דאָס געוויין-
פערז,
דאָס ליד פון אַ בלוט-באָד, פון נויט, אַל'דאָס בייז ? —

נישט קונסטבאַר און מאַלעריש דיכטעט מיין לירע,
דען יעדער אקאָרד איז פון שמערצן-טוי נאַס ? . .
כ'וואָלט אויך זיין אַ בעלן צו פּויקן און שאַלן
פון זון, ווין און ליבע אויף אייער „פּאַרנאַס“ ! . .

כ'וואָלט אויך זיין אַ בעלן — צו שאַפן און זינגען
אידיליען פון פּאַסטוכער-ליבע און זינד :
איך וואָלט, אבוואָהל ס'פּאַסט נישט, צופרידן געפּאַשעט
אויפן באַרג פון די דיכטער אַ שעפל, אַ רינד . . .

אַבי נישט צו טראָגן אין האַרצן דעם טרויער,
די ליידן, קאָנוואולסיעס פון שמוציקער גאַס ;
אַבי נישט צו טרינקען פון גיפט-פוילן בעכער, —
וואָלט ליבער געשלונגען זון-לופט פון פּאַרנאַס ! . . .

נאָר ס'מזל האָט מיך פאַראורטיילט — פון געבאָרן
צו זאַמלען די לאַגלען פון דורות-געוויין,
צו שמידן אַ ליד — לויטער אומעט און טריבקייט, —
נישט וואַרפט אין דעם פרעמדן אייך ברונעם אַ שטיין ! . .

עס קומט אויך אַ צייט, ווען דאָס פרעמדע ווערט אייגנס . . .
ווען „פרוי, ווײַן און פרייד“ ווערט פאַרשווינדן — דאַן ווייסט:
פאַראַן איז אין שמאַרץ-טאָל אַ לעבעדיק ברונעם . . .
פאַרלאָזט די פאַרנאַס — הויך און נידערט צום ברונעם
פון קלאָג-לידער, — שעפּן ווערט איר אויך אַ טרייסט ! . . .

(צו אַ ווייטן-נאָענטן פריינט)

## פאַרפאַלן —

ס׳ווערט קיין נס שוין ניט געשען
צו פערציק יאָר . . .
צום מילך-וועג שטערנלאַנד — סיי ווי שוין ניט פאַרגיין,
דעם זין פון חלום מיין און דיין — שוין ניט דערגיין,
פאַרפאַלן — פערציק יאָר . . .
אַ ניכטער טריביק האַרץ, אַ קאָפּ פול גרויע האָר,
די זעל — אַ האַרבסטיק פעלד פאַרשטויבטע דאַרע שטרוי
פון בלימלאַך ווייסע, גרויע . . .
זיי טרויען טרויריק אָן די שעה פון זיין-פאַרגיין,
פאַרפאַלן —
ס׳קאָן קיין נס, גענאַרעריי געשען
צו שמערציק-פערציק יאָר ! . . .

## אייבּיגקייט . . .

אייביגקייט, אייביגקייט, אייביקע לייד מיינע !
עפענסטו נישט פון דיין סוד מיר דעם טויער —
מעק פון מיין נשמה זיך אויס,
מיט דיין אָנהויב — און ענדלאָזער גרויס,
אָדער פאַרטיליג דעם רוים, צייט און דויער
פון דמיון, געדאַנק און געדעכעניש מיינע !
באַגרייפן און פילן וויל איך, וואָס באַדייט
די צייט ? . . .
אפשר איז פאַלש גאָר די פאָרשטעלונג וועגן איר מאָס,
און אַ טעות
איז מיינען, אַז לויפנדע יאָרן בלויז זיינען
איינצלנע צווייגן פון צייט-בוים,
וואָס שפּראָצן אָן יערלאַך און וואַקסן און בליען,
און וויאַנען, און דאַרן, און פאַלן און טליען,
און בייטן מיט אַנד׳רע זיך אייביק אַזוי ? . . .
אפשר אומענדלאַך און אייביק איז אויך
יעדער בליק פון מיין פרייד, יעדער רגע פון לייד,
יעדער איינציקער הויך,
און עס וועט קיין רגע פאַרפאַלן נישט גיין, מיר ניט פעלן,
ווייל אייביגקייט קאָן נישט אויף רגע׳ס זיך טיילן ? . . .
דאַן וואָלט איך דאָך מער נישט ביז וואַנזין געליטן,
וואָס קורץ, אומבאַמערקבאַר ז׳מיין לעבן און זיין,
וואָס לאַנג אָן אַ סוף איז דער טויט נאָר,
דאָס גאָרנישט נישט זיין ! . . .

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אייביגקייט, אייביגקייט,
יושר און גלייכקייט פאַרלאַנג איך און פאָדער :
אָדער —
זאָל אייביק איך לעבן, זיך פרייען און פּלאָגן,
און דענקען, און ליבן, און שטרייטן, און פאַלן,
און עפּעס צו זיין,
אויב אייביק וועל טויט אויך און גאָר נישט נישט זיין ! —
אָדער —
זאָל אויך דער שרעקנדער פינסטערער אָפּגרונט פון טויט
זיין צייטווייליק, קורץ און אַ גאָרנישט אין רוים,
אויב מיין עפּעס, מיין לעבן און זיין איז נישט מער
ווי אַ בליצלאַכער טרוים ! —
אָדער —
אייביגקייט, עפנסטו נישט פון דיין סוד מיר דעם טויער —
מעק פון מיין נשמה זיך אויס,
מיט דיין אָנהויב און ענדלאָזער גרויס,
פאַרטיליק דעם רוים, צייט און דויער
פון דמיון, געדאַנק און געדעכעניש מיינע !
יושר און גלייכהייט פאַרלאַנג איך און פאָדער,
אייביגקייט, אייביגקייט, אייביקע לייד מיינע ! . . .

## סך-הכל

### א

שוואַך, אָרים איז דער אָרימאַן,
ווען׳ם ברודער ז׳רייך און שטאַרק;
דער באָדן הייסט „טאָל“, ווען ער גער
צום שכנות פון אַ באַרג . . .
שוואַך, פאַרבלאָז, אָרים איז מיין שפּראַך,
ווייל רייך ז׳מיין לעבנסנויט. —
ווי! איך ווייס ווערטער בלויז אַ פּאָר:
„ליידן“ ביז׳ן „טויט“! . . .

### ב

און איינמאָל, ווען מיך האָט דאָס לעבן באַצויבערט,
און ס׳האַרץ אין די נעצן פון שיינקייט געפאַנגען,
פאַרלאַנגט האָב צו זיין איך אַ מאהלער, אַ דיכטער,
און אויסדריקן אַלעס דורך פאַרבן און קלאַנגען.
איך האָב נישט באַגריפן אַז „שטומע און „בלינדע“
זיך פאָרן נישט קיינמאָל מיט פאַרבן און קלאַנגען,
איך האָב נישט געוואוסט נאָך, אַז ס׳ציל צו דערגרייכן,
נישט גענוג איז, ערהאַבן און הייס צו פאַרלאַנגען . . .
און יאָרנלאַנג האָב איך, — פאַר׳עקשנ׳טער שטומער,
געשריען אויס ווי און געדענקט — ס׳איז געזאַנגען,
און מילד מיט בלוט האָב איך, — פאַרבלענדעטער בלינדער,
זיגזאַגן געפלעקט, ביז די פאַרב ז׳אויסגעגאַנגען . . .

# אינהאַלט

1919

## I

## II בלעטער

